ישראל קורגאַן

*

# זכרונות פון שטעטל

[illegible]

4-June-72

[illegible]

*This book once owned by a South African reader, has been preserved by the*

*Cape Town Yiddish Cultural Federation*

*and returned to circulation by the*

*National Yiddish Book Centre*

*of South Hadley, Mass. U.S.A.*

*May it thus inspire us to keep alight the flame of Jewish life and learning.*

ישראל קורגאן

# זכרונות פון שטעטל

תשל״א — 1971

דאָס בוך ווערט אַרויסגעגעבן דורך דער משפּחה
מיט טיפער ליבע און אָנערקענונג

ישראל קורגאַן ז״ל איז געבאָרן געוואָרן דעם 21־טן יולי 1893 אין שטעטל אַראַן, ווילנער געגנט. די צאַרטע יוגנט־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט ביי טאַטע־מאַמע, אין אַ היים, ווו די מאַמע פלעגט דערציילן אַ מעשהלע אַ פיינע — און אַזוי דערציילט „אַז די מאָגערע וועטשערע האָט געטראָגן טויזנט טעמים״.

קיין פאָרמעלע בילדונג האָט ישראל קורגאַן ניט באַקומען. שוין צו צוועלף יאָר הויבט ער אָן צו אַרבעטן אַלס זייגער־מאַכער און מיט דעם פאַך גייט ער אַרויס אין דער ברייטער וועלט. אין 1922 האָט ער חתונה גע־האַט אין פאָניעוועזש מיט רייזל הורוויטש, וועלכע איז געווען זיין געטרייע לעבנס־באַגלייטערין ביז זיין לעצטן טאָג. אין 1927 עמיגרירט ער קיין דרום-אַפריקע מיט זיין יונגער פאַמיליע. פון קליינע התחלות און אונטער אומ־גינסטיקע באַדינגונגען, דורך שווערער אַרבעט און התמדה אין משך פון פיל יאָרן — איז ער מצליח אין זיין אַרבעט און געשעפטן. ער דערגרייכט אַ וויכטיקע און בכבודיקע פאָזיציע ניט נאָר אין שטח פון מסחר, נאָר אויך אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון קייפטאָן, ווו ער האָט אַלע יאָרן געלעבט.

אין גרונט גענומען איז ישראל קורגאַן ז״ל געווען אַ טיפישער יידישער פאָלקסמענטש, אַ בעל־מלאכה, אַ פאַכ־

מאַן, וואָס האָט ליב געהאַט אַרבעט, און געפונען די גרעסטע באַפרידיקונג אין דער אַרבעט, בפרט אין דער לייזונג פון ניט געוויינטלעכע פּאַכמענישע פּראָבלעמען און המצאות. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ צו לערע און צום לערנער, אַ טיפע ליבע צו יידיש, צום יידישן מענטש און צו יידישקייט אין ברייטסטן און בעסטן זין פון וואָרט. יעדע פרייע צייט האָט ער אויסגענוצט צום לייענען, צום לערנען — עס איז ביי אים קענטיק געווען דער אינערלעכער דראַנג צו דעריאָגן דאָס, וואָס ער האָט צוליב זיינע אומשטענדן ניט געקענט דערגרייכן אין דער יוגנט.

ערשט אין זיינע מיטעלע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן זכרונות, דערציילונגען, מחשבות און פּאַבעלן — אויך איבערזעצט אויף יידיש מערערע לידער פון דער העברעישער ליטעראַטור, אייניקע פון זיינע דערציילונגען זענען בשעתו געדרוקט געוואָרן אין דער „אַפריקאַנער יידישער צייטונג".

דאָס בינטל „זכרונות פון שטעטל" באַשטייט פון אייניקע אויסגעקליבענע, בפרט אויטאָביאָגראַפישע דער־ציילונגען, אין וועלכע ישראל קורגאַן ע"ה שילדערט מיט וואַרעמע, פּאָלקסטימלעכע ווערטער זיין יידיש שטעטל — אַראַן, אירע יידן, זייער אַרט לעבן, זייערע דערהויבענע און ליכטיקע חלומות און זייער אַזוי גרויע, אָרעמע ווירק־לעכקייט.

מ.מ.

# אונדזער מאַמע

אונדזער מאַמע איז געווען נישט קיין נאַר, אויס־גערעכנט, מיט פּראַקטיק. פּראַקטיק פון איר אייגן לעבן — צוליב דער טאַלאַנטלאָזיקייט און אומפעיקייט פון איר מאַן — אונדזער טאַטע. מיין מאַמע האָט דעריבער נישט געלאָזן קיין איינעם פון אירע פיר זין ער זאָל גיין לערנען אין אַ ישיבה. דער טאַטע האָט אַנדערש נישט געוואָלט נאָר, אַז מיר זאָלן יאָ גיין אין ישיבה, אָבער די מאַמע האָט געזאָגט אַז ביי איר מאַן האָט זי נישט געהאַט קיין ברויט צו זאַט, זאָלן דעריבער די קינדער זיין בעלי מלאכות, וועלן זייערע ווייבער זיכער האָבן ברויט.

איך געדענק ווען איך בין צוועלף יאָר אַלט געווען האָט מיך דער טאַטע שוין צוגעגרייט איך זאָל פאָרן אין אַ שטעטעלע בוטרימאנץ, דאָרטן איז געווען אַ ישיבה, אומגעפער פאַר אַזעלכע ייִנגלעך ווי איך, אין מיין עלטער. נאָר מיין מאַמע און אויך די מומעס זענען צוגעשטאַנען, אַז איך בין נאָך אַ קינד, ווו וועל איך פאָרן זיך וואַל־גערן, בעסער אַ פאַך... און אַזוי האָט מיין מאַמע דעמאָלט אָפּגעהאַלטן דעם דריטן נצחון און טאַקע ביי מיין ברו־

דער האָב איך זיך געזעצט לערנען זייגערמאַכעריי — דאָס פאַך, וואָס איך באַזיץ נאָך היינט...

און אַזוי זענען אַלע פיר זין געוואָרן בעלי מלאכות און מיין מאַמע האָט קיין טעות געמאַכט. קיין ברויט האָט קיין מאָל אירע שניר נישט געפעלט.

בכלל איז מיין מאַמע געווען אַ קלוגע, געלערנטע פרוי. געוווּסט אַלע יידישע לעגענדעס, דערציילונגען. געווען קלאָר אין „צאינה וראינה" און אָנגעלייענט מיט פאַר־שיידענע דערציילונגען פון תנ"ך און אויך אַלע אגדות פון מדרש. איר פאָטער, מיין זיידע, האָט געמוזט זיין אַ חסיד, מחמת מיין מאַמע האָט גערירשנט פון אים אַלע חסידישע לעגענדעס און דערציילונגען פון זייערע רביים, און אויך פון די ל"ו צדיקים, וועלכע זי פלעגט אונדז תמיד דערציילן אין אומעטיקע, שלעכטע טעג ווען ס׳ פלעגט אַ מאָל אויספעלן אַ וועטשערע... זי האָט אויך גוט פאַר־שטאַנען די פּאָליטיק פון יענער צייט. דער טאַטע — פאַרקערט, ער האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין פּאָ־ליטיק, געמאַכט שווער זיין אָרעמען טאָג חיונה, געאַרבעט שווער אָן חכמות. נישט פאַרשטאַנען ווי צו מאַכן לייכ־טער די חיונה... ווי אַנדערע שטעטלשע...

איך געדענק אַ ווינטער, וואָס איז געווען זייער שלעכט. דער טאַטע איז אַוועק אַרבעטן אין דער שטעט־טלשער פאַבריק פאַר צוועלף רובל אַ מאָנאַט. פלעגן די צוועלף רובל אַוועקגיין אין די ערשטע דריי וואָכן, און די פערטע איז שוין נישט געווען מיט וואָס דורכצולעבן, פשוט נישט געווען קיין ברויט צו זעט. ווען מיר פלעגן קומען פון חדר פלעגט די מאַמע זאָגן: „קינדער, היינט איז

זייער אַ מאָגערע וועטשערע... אָבער דערפאַר האָב איך פאַר אייך אַ שיינע דערציילונג", און זי האָט אונדז דער־ציילט אַ מעשה מיט שלמה המלכס אַ טאָכטער, אַזוי דערציילט, אַז די מאָגערע וועטשערע האָט געקראָגן טוי־זנט טעמים...

די מאַמע איז געווען אונדזער דערציערין, זי האָט קיין מאָל אונדז נישט געשלאָגן, און אויב מען פלעגט אַ מאָל זיך פאַרזינדיקן, אַ צו שטאַרקן שטיף טאָן, אָדער אַרויס אַמאָל מיט אַ פּראָטעסט קעגן די אומשטענדן — אַנדערע יינגלעך האָבן אַלץ, גייען פיין אָנגעטאָן און מיר?... — פלעגט די מאַמע מיט אַזעלכע גוטע רייד און האַרציקן מוסר אונדז גוט אָנשטראָפן פאַרן צופיל שטיפן, אַז ס'האָט זיך אונדז געדוכט אַז ס'עפנט זיך דער גיהנום און שלינגט אונדז איין, און פארשטייט זיך ס'האָט זייער שטאַרק געווירקט איר מוסר אַ צווייט מאָל נישט צו באַגיין די זינד. און פאַרן תחמוד... פאַרן פּראָטעסטירן, פלעגט זי זאָ־גן: „קינדערלעך, יעדערן איז איינגעטיילט זיין חלק פון זיין געבוירנטאָג אָן ביז זיין ענדע לעבן. אַנדערע האָבן עס פון דער יוגנט אָן, וועלן זיי ווייניקער האָבן ווען זיי וועלן ווערן עלטער, אָבער איר קינדער איר האָט איצט אַ שלעכטע יוגנט, בין איך זיכער, אַז ווען איר וועט גרויס זיין, וועט איר אייערס קריגן כפל כפליים".

מיט אַזעלכע האָפענונגען פלעגט זי אונדז איינטו־ליען און צוזאָגן אַ גוטע צוקונפט, און זי פלעגט אויך אַלע מאָל ביי די ערגסטע צייטן און אומשטענדן ריין האַלטן די שטוב. שבת זענען געווען ריינע טישטעכלעך, אָבער וואָס אונטער די טישטעכלעך זעט קיינער נישט. „אין בויך איז נישטאָ קיין פענצטער" — פלעגט זי זאָגן.

ס׳האָט אויסגעזען, אַז זי איז צופרידן מיט איר גורל, אָבער אין דער אמתן, ווען זי פלעגט זיך אַ מאָל צעווערטלען מיטן טאַטן, פלעגט זי דערמאָנען איר ערשטן בחור, וועמען זי האָט האָלט געהאַט, נאָר יענער איז אַוועק קיין אַמעריקע, געווען אַ בעל מלאכה — אַ שניידער — און רייך געוואָרן, און דער שידוך מיטן טאַטן איז קאָנטיק געווען אַ געצוווּנגענער דורך אירע עלטערן, וואָס האָבן נישט געוואָלט קיין בעל מלאכה... אָבער ווען מיר זענען גרויס געוואָרן, געווען אָרנטלעכע קינדער, געגאַנגען אין דעם וועג לויט די עלטערנס ווונטש, האָט זי זיך שוין צוגעוווינט צו איר שיקזאַל און פאַר־געסן די אַמאָליקע יונגע פאַנטאַזיעס, און אָנגעגאַנגען מיטן לעבן לויט איר גורל...

דעם גרעסטן פאַרגעניגן פלעגט מיין מאַמע האָבן ערב שבת, אָבער דער עיקר שבת. פרייטיק פאַר טאָג, ווען כביכול אַליין שלאָפט נאָך, פלעגט זי שוין אויפשטיין און אויסבאַקן דריי חלות און פיר קליינע חלהלעך פאַר אונדז צו מאַכן קידוש פון גאנצע דריי פונט מעל, מח־מת מער איז נישט געווען. קידוש פלעגט דער טאַטע מאַכן נאָר אויף חלה, ווייל וויין איז געווען צו טייער. זי פלעגט אויך אויסקאָכן אַ טאָפּ לינדזן, דאָס איז געווען דער פרייטיקדיקער פרישטיק און מיטאָג, ווייל פרייטיק דאַרף מען אַביסל צוהונגערן צו דער פליישיקער פרייטיק־צונאַכטיקער סעודה. זי האָט אויך געקאָכט אַ גרויסן טאָפּ צימעס, געקויפט 2 פונט קליינע פישעלעך צו צוויי קאָפּיקעס אַ פונט און געמאַכט געהאַקטע קניידלעך, אָבער ס׳פלעגט פאַרשמעקן די שטוב פון די פיש, מען פלעגט מיינען אַ ס׳קאָכן זיך כאָטש צווייפונטיקע העכט... די

מאַמע איז געווען אַ גרויסע בריה סיי אין קאָכן און סיי אין ריין האַלטן דאָס הויז.

פרייטיק צוועלף אזייגער בייטאָג, ווינטער-צייט, האָט זי שוין געהאַט אָפּגעטאָן אַלע אַרבעטן. אַפּילו דעם טשאָלנט צוגעגרייט אַריינצוטראָגן צו עליק דעם בעקער, און זי איז געווען אויסגעפּוצט און צוגעגרייט צו דער־וואַרטן די שבתדיקע מלאכי השרת, און מיד פלעגט זי שיקן צו יאַנקל דעם ליכטציער נאָך ניין ליכטלעך פאַר ניין גראָשן. זי פלעגט בענטשן ליכט אין ניין לייכטער, וועל־כע זענען איר אריינגעפאַלן בירושה. די חלבנע ליכט־לעך פלעגן אַרויסגעבן אַ שלעכטן ריח אַז ס׳פלעגט כאַפּן אַ קאָפּווייטיק, אָבער דערפאַר האָט זי אָפּגעשפּאָרט אַ פאָר קאָפּיקעס אַריינצוואַרפן אין ר׳ מאיר בעל הנס־פושקע, און ווען זי פלעגט אַראָפּנעמען די הענט פון די אויגן נאָכן ליכטבענטשן, פלעגט זי זיך אַוועקזעצן און מורמלען אַ תפילה: „אַ דאַנק דיר, רבונו של עולם, פאַרן הייליקן שבת, ווען נישט דער שבת וואָלטן דאָך מענטשן געפאַלן אין שפּאַן — אין די האָלאָבלעס — פון דער שווערער אַרבעט" — און טאַקע גלייך זיך גענומען צום צאינה וראינה און געלייענט די סדרה פון דער וואָך, אַביסל אויפצומונטערן די גייסטיקע געפילן פון דעם רוח הקודש, וואָס דורך דער וואָך, ווען מען איז פאַרנומען מיט שווערער אַרבעט, ווערן די הייליקע געפילן פאַר־גרעבט.

אין צווישן פלעגט שוין דער טאַטע מיט די בנים קומען פון באָד און זיך איבערטאָן צו גיין אין שול צו קבלת שבת. ס׳איז געווען אַן אָרעם לעבן, אָבער אַ צו־פרידנס, מיט האָפענונג, מיט וואַרטן אויפן שבת, אויפן

יום טוב, מיט צופרידנקייט, מיט גלויבן, מיט האָפענונג און בטחון, אַז ס׳מוז דאָך קומען אַ בעסערע צייט.

איך געדענק אַן עפּיזאָד. אַמאָל איז געקומען אַ משולח, אַרויסגענומען דאָס געלט פון ר׳ מאיר בעל הנס־פּושקע. אַ שיינער ייד מיט אַ ברייטער בלאָנדער באָרד, אַ הויכער, מיט אַ טייערן שעשקע-פּעלץ, אַזוי אַ ברייט־לעכער, קענטיק אַז ער האָט געהאַט ברויט צו זעט. אריינגעקומען אין שטוב, דער שמש פון שטעטל הינטער אים האָט געטראָגן די טאָרבע מיטן אַרויסגענומענעם געלט און די צוועגלעך מיט וואָס אַראָפּצורייסן די פּושקעס. זיי זענען צוגעגאַנגען צום באַשטימטן אָרט ווו די פּושקעס פלעגן זיין צוגעקלאַפּט, אַראָפּגענומען די פּושקע פון ר׳ מאיר בעל הנס, אַרויסגענומען די קופּערנע קאָפּיקעס, גראָשנס פון דער מאַמעס אָפּשפּאָרונג פון דער גרעסטער ווייבערישער מצוה — הדלקת הנר — די מצוה וואָס ווען אַ פרוי היט נישט אָפּ קומט איר חלילה כרת. דער משולח ציילט עס אויס און רופט צו מיין מאַמען און זאָגט: „איר ווייסט, מומינקע, ס׳איז צו ווייניק. זעט, נאָר אַ רובל מיט קאָפּיקעס" און ער האָט אַריינגעשאָטן דאָס קופּערנע געלט אין זאַק אַריין. די מאַמע האָט זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט. איך אַלס קליין יינגל נאָך האָב שוין פאַרשטאַנען דער מאַ־מעס האַרצווייטיק. זי שפּאָרט אָפּ פון זיך, וואָס די מצווה פון הדלקת הנר איז די גרעסטע און מען ליידט אַ גאַנצן פרייטיקצונאַכט קאָפּווייטיק פון שלעכטן ריח פון די ליכט, כדי צופרידן צו שטעלן אויך ר׳ מאיר בעל הנס׳ס פּושקע, קומט אָט אַ ייד מיט אַ שיינעם שעשקע־פּעלץ און זאָגט אַז ס׳איז צו ווייניק. איך האָב דעמאָלט

שוין געקלערט, אַז פאַר דעם אויסרייד, פאַר דער שאַנדע און עגמת נפש וואָס ער האָט דאַן פאַרשאַפט מיין מאַמען וועט דער ייד געוויס קיין גן עדן נישט האָבן, אויב ס׳איז פאַראַן אַזאַ זאַך. און דער מאַמעס קופּערנע קאָ־פּיקעס, גראָשנס פאַרגאָסענע מיט טרערן האָבן זיך אויס־געמישט אין זעקל מיט אַנדערע גרעסערע מטבעות, אפשר מטבעות זינדיקע. אָבער ווער ווייסט עס, ווער קען זיך עס פאַנאַנדערקלייבן, אַז אַלע ליגן אין איין זעקל און ס׳רעדט נישט, ס׳דערציילט נישט פון וואַנעט זיי קומען און ווו זיי גייען.

אין 1946 ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט א״י, האָב איך באַזוכט די ישיבה פון ר׳ מאיר בעל הנס, אויך דאָס קבר האָב איך געזען — דער רובל מיט די קאָפּיקעס וואָס מיין מאַמע ע״ה האָט אָפּגעשפּאָרט פאַר דעם צוועק איז נאָך אויך געווען צו פיל!

אַזוי ווי מיין מאַמע פלעגט זיין פריילעך ביים באַ־געגענען דעם ערב שבת און דעם שבת, אַזוי פלעגט זי זיין טרויעריק און אומעטיק ווען זי האָט געדאַרפט אַרויסלאָזן דעם שבת קודש, און באַגעגענען די שווערע מאַטערנדיקע וואָך. איך געדענק מיט וואָס פאַראַ אומעטיקן ניגון זי פלעגט שבת פאַרנאַכט זאָגן — „גאָט פון אברהם יצחק און יעקב, דער הייליקער שבת גייט אַוועק, זאָל די קומענדיקע וואָך קומען מיט פרנסה און הצלחה, געזונט און ברכה, זאָל די שפייז קומען אָט ווי אָרעם און קליין, נאָר פון דיין האַנט, פון דיר, באַשעפער, אַליין״. די אומעטיקייט און דער טרויער האָבן אָנגעפילט יעדעס ווינקל פון שטוב ביזן אָנצינדן דאָס פייער, און דאַמאָלט פלעגט שוין דער טאַטע קומען פון שול מיטן

גוטוואָך און מאַכן הבדלה. דעמאָלט האָט מיין מאַמע איבערגעוואַלט געמוזט אָפּגעבן די נשמה יתרה, שווער געווען זיך צו שיידן מיטן טייערן געשאַנק דעם שבת און זיין אָפּגעשיידט אַ גאַנצע וואָך פון דעם שבת קודש.

אָט אַזוי איז געווען אַמאָל טייער דער שבת קודש ביי מיין מוטער ע״ה מחמת דער שבת פלעגט געבן כח און מוט פאַר דער גאַנצער וואָך האָרעוואַניע.

# דער „נס חנוכה"

## 1

אונדזער שטעטל אַראַן איז געווען, ווי אַלע ליטווי־שע שטעטלעך, אָרעם און בלאָטיק. נאָר מיר דוכט זיך אַז אונדזער שטעטל איז נאָך געשטאַנען מיט אַ מדרגה נידעריקער פון אַנדערע, ווי עס ווייזט אָן דער צונאָמען — „אַראנער מתים". און פאַר וואָס אַזאַ נאָמען? פשוט — „עני חשוב כמת". און באמת, ווען ס'פלעגט קומען נאָך ימים טובים, ווינטערצייט, פלעגט ווערן אין שטעטל טויט ווי אויף אַ בית־עולם. אָבער אַז ס'פלעגט קומען אַ פּאָר וואָכן פאַר חנוכה, פלעגט דאָס שטעטל ווערן באַוועגלעך, טומלדיק. דורך וועלכן געסל איר זייט געגאַנגען האָט איר געקענט הערן דעם גערודער; יידישע קרעמער, טאַנדעט־ניקעס, שוסטערס, קירזשנערס, רימארעס, בעקער פאַר־טיקן אויס זייער סחורה פאַרן קומענדיקן יאַריד וואָס פאַלט אויס יעדעס יאָר חנוכה-צייט. גערופן האָט מען עס, מען פאָרט צום „שטיין", און די שטעטלשע יידן וואַרטן שוין אויף דעם יאַריד פון גלייך נאָך ימים טובים אָן. און דער יאַריד, ד. ה. די פרנסה, איז שוין געווען ביי יעדערן אַריינגערעכנט אין נדן, אָט פונקט ווי אין קעשענע.

און וואָס איז דאָס פאַר אַ „שטיין"? נישט ווייט

פון אונדזער שטעטל אומגעפער 4 מייל, 6 רוסישע ווי־אָרסט, איז געשטאַנען אַ שטיין און דערביי אַ קלויסטער. דאָרטן פלעגן אַלע פויערים פון די אַרומיקע דערפער צו־נויפקומען זיך און אָפּריכטן אַ גאָטעסדינסט, אַלע יאָר פונקט חנוכה־צייט. דאָס פלעגט הייסן דער יאַריד ביים „שטיין". און ווי איז דאָס אַ יאַריד אָן יידן און נאָך אַראַנער דערצו, וועלכע זענען געווען די נאָענטסטע?

אָט אַזוי פלעגט טאַקע כמעט אַ האַלב שטעטל פאָרן צום „שטיין" מיט זייער צוגעגרייטער סחורה, און טאַקע גוט אָפּלייזן און מאַכן אַ פּאָר רובל דורכצוקומען די שלעכ־טע ווינטערצייט. אַזוי איז געגאַנגען יאָר איין, יאָר אויס פון זינט איך האָב געדענקט, ביז איך האָב פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

איך געדענק — ביי אונדז חדר־ייִנגלעך האָבן זיך געשאַפן פאַרשיידענע לעגענדעס וועגן „שטיין". מיינע חב־רים האָבן דערציילט, אַז דאָרטן, נישט ווייט פון שטעטל איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין פון הימל, האָבן עס די גויים פאַרהייליקט און ביי דעם פּלאַץ אויסגעבויט אַ קלויסטער און אַלע יאָר קומען זיי אָפּריכטן אַ גאָטעסדינסט. און פאַר וואָס עפּעס גראָד חנוכה־צייט? — קיינער פון מיינע חברים האָט נישט געוווּסט דעם סוד. דער „שטיין" האָט אונדזער חברה גענומען מערער אינטערעסירן ביז איין מאָל האָבן מיר עטלעכע חברים זיך צונויפגערעדט צו גיין אָנ־קוקן דעם „הימלשטיין". אַרויסגייענדיק פון שטעטל האָט מען באַדאַרפט דורכגיין אַ דערפל מיטן נאָמען מיט־ראָווקע. ווי מיר זענען אָנגעקומען נאָענט צום דערפל זענען אונדז באַפאַלן שקצים מיט זייערע הינט. ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג. מיט די שקצים וואָלטן מיר

זיך געקענט ספּראַווען, נאָר נישט מיט די הינט. איך האָב שוין דעמאָלט געפרעגט: „געוואַלט, וואָס האָבן גויישע הינט צו יידישע קינדער?" דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן פאַרלאָרן די שלאַכט און געמוזט אָפּטרעטן מיט, זייט מיר מוחל, צעביסענע הינטערחלק׳ס און צעריסענע בגדים, וואָס מען האָט אונדז גענייט אויף יום־טוב. די מפלה׳ס וואָס מיר האָבן געכאַפּט פון אונדזערע מאַמעס שעם איך זיך אייך צו דערציילן. נאָר דעם חשק צו זען אַליין דעם וווּנדערלעכן „הימלשטיין" האָב איך נישט פאַרלאָרן.

ווען איך בין אַביסל עלטער געוואָרן, און אַזוי ווי מיין טאַטע איז אויך געווען פון די סוחרים וואָס פאָרן צום שטיין, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיך מיטנעמען. און כך הווה. אין אָוונט פאַרן פאָרן צום „שטיין" האָט מען איינגעקויפט די סחורה און פאַר טאָג האָט מען געדאַרפט אַרויספאָרן. די נאַכט האָב איך שוין נישט געקענט שלאָפן.

אַרויסגעפאָרן איז מען זעקס אַ זייגער אין דער פרי. אַרויספאָרנדיק פון שטעטל האָט מען שוין געקענט זען אַ גאַנצן „אָבאָז" פון די אַלע שטעטלשע יידישע סוחרים און אַלע בעלי־מלאכות מיט אָנגעלאָדענע שליטנס פון זייערע אויסגעאַרבעטע סחורות. פון זייטיקע וועגן האָט איר גע־קענט זען ווי ס׳לאָזן זיך פויערים, רייכערע מיט פיינע, אָפּגעפאַרבטע מיט אַלע קאָלירן, שליטנס און אויף זיי פול אָנגעלאָדן מיט אַ טייל פון זייער גערעטעניש אויסצובייטן אויף אַנדערע זאַכן, וואָס זיי האָבן נויטיק. די אָרעמע פויערים זענען געפאָרן אין פּראָסטע שליטנס אָנגעלאָדן מיט זייער פּראַצע, ווי אַליין אויסגעשפּונענע ראָלן לייוונט, פאַרשיידענע הילצערנע כלים, און גאָר אָרעמע פויערים

זענען געגאַנגען צופוס. אַלע האָבן געצויגן צום שליאַך, וואָס פירט צום „שטיין".

ווען מיר זענען אָנגעקומען צום „שטיין" איז שוין גע־ווען ליכטיק. אַלע סוחרים האָבן אויסגעפּאַקט די סחורה און מען האָט גוט פאַרקויפט. איך האָב זיך דורכגעשפּאַרט דורך די פּויערים, צוגעקומען נאָענט צום „שטיין" — איך זע אַ געוויינלעכער שטיין, אומגעפער אַ יאַרד די הויך, אַ האַלב יאַרד די ברייט, אויפן שטיין שטייט אַ צלם מיט אַ יויזל, אַרום שטיין איז אַ פאַרקאַנדל און פּויערים און פּויערטעס אויף די קני קריכנדיק, דרייען זיך אַרום עט־לעכע מאָל און זאָגן זייערע תפילות. נאָך דעם גייען זיי אַריין אין קלויסטער צום גאָטעסדינסט, און אַז זיי פאַר־טיקן זיך אָפּ מיט די צערעמאָניעס, נעמט מען זיך צום מסחר, און אַזוי גייט עס אָן אַ גאַנצן טאָג.

אַז איך האָב דאָס אַלץ צוגעזען, האָט זיך מיר דאָ־מאָלסט געשטעלט די אמתע פראַגע: — וואָס קומט דאָ פאָר? איך זע שוין, אַז קיין הימלשטיין איז דאָס נישט, און פאַר וואָס ביי דעם שטיין גראָד? ס'זענען פאַראַן נישט ווייט גרעסערע שטיינער? און פאַר וואָס דוקא חנוכה־צייט?

צוריקפאָרנדיק איז מיין טאַטע געווען אויפגעלייגט ווי נאָך אַ גוטן יאַריד. האָב איך אים געפרעגט וואָס איז די סיבה פון דעם יאַריד ביים שטיין? האָט ער מיר גע־ענטפערט: — „איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך ווייס נישט. איך האָב זיך גאָר קיין מאָל נישט אַריינגעטראַכט צו וויסן די סיבה. איך פאָר שטענדיק אויף יאַרידן, זאָל זיין אַ שטיין, אַ ביין, אַבי מען מאַכט חיונה".

קומענדיק אַהיים האָט דער טאַטע אָפּגעבענטשט חנו־

כה־ליכט, אָפּגעגעסן וועטשערע וואָס די מאַמע האָט צוגע־
גרייט, נאָך דעם האָט דער טאַטע אָפּגעציילט זיין פּדיון,
דאַן האָט ער מיך צוגערופן און מיר געגעבן חנוכה־געלט
און געזאָגט: „דאָס מאָל האָסטו כשר פאַרדינט דיין
חנוכה־געלט. דו ביסט מיר גוט צונוץ געקומען".

## 2

ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען משה מרדכי דער עסיק־מאַכער. פאַר וואָס אַזאַ צונאָמען ווייס איך נישט, ווייל זיין פרנסה איז געווען גראָד פון זיסע זאַכן. ער פלעגט באַקן טאָרט און לעקאַך אויף חתו־נות, המן־טאַשן, פירישקעס, האָניק־טייגלעך. געוווינט האָט ער נישט ווייט פון אונדז אין אַ זייטיק געסל. ער איז געווען אַן עלטערער ייד, אַן אַלטער תושב פון שטעטל.

אַז מיר חברה פלעגן קריגן חנוכה־געלט, אָדער אַמאָל אַרויסנאַרן ביי דער מאַמען א פאָר קאָפּיקעס, פלעגן מיר באַזוכן משה מרדכי׳ן מיט זיין סחורה. מיר זענען שוין געווען זיינע שטענדיקע קונדן. ווי איך האָב געקראָגן דאָס חנוכה־געלט האָב איך, פאַרשטייט זיך, באַזוכט משה מרדכי׳ן. גראָד איז ער געווען אַליין, די חנוכה-ליכטלעך האָבן נאָך געפינקלט. ער איז זיך געזעסן אַזוי פאַרטראַכט און גע־קוקט אויף די אויסגייענדיקע ליכטלעך. ער האָט גאָרנישט באַמערקט מיין אַריינקומען. איך גיי צו נעענטער צו אים און זאָג: — „אַ גוטן אָוונט, ר׳ משה מרדכי, איך וויל וואָס קויפן". ער האָט זיך אַ הויב געטאָן פון זיין פלאַץ און געגאַנגען וויזן זיין סחורה. דערווייל דערצייל איך אים, אַז

איך בין היינט געווען ביים שטיין מיטן טאַטן, און איך פרעג אים די סיבה פאַר וואָס ביי דעם שטיין גראָד, און פאַר וואָס חנוכה־צייט ?

משה מרדכי האָט דערלאַנגט אַ קוק אויף מיר אַריבער זיינע ברילן פון אויבן ביז אַראָפּ, ווי ער וואָלט מיך אָפּגעמאָסטן, זען צי איך בין שוין באַרעכטיקט צו וויסן דעם סוד און געגעבן אַ זאָג : „איי, דו ביסט אַ יינגל אַ מזיק, דו ווילסט אַלץ וויסן. גוט — זאָגט ער, — גראָד בין איך אַליין, וועל איך דיר דערציילן".

ער האָט מיך צוגערופן נאָענט צום חנוכה־לעמפל און געזאָגט : „קוק, דו זעסט ? — און ווייזנדיק מיטן פינגער אויף די אויסגייענדיקע חנוכה־ליכטלעך — ווייסטו פאַר וואָס דאָס איז ?" „יאָ, — זאָג איך צו אים — געוויס ווייס איך, דער רבי האָט שוין מיר לאַנג דערציילט", און איך הויב אָן צו דערציילן דעם גאַנצן נס חנוכה מיט די נצחונות פון אונדזערע אַמאָליקע גבורים און דעם נס מיטן קריגל בוימל.

„יאָ, — זאָגט משה מרדכי — דעם „ווונדער", וואָס דו האָסט געזען ביים שטיין און די סיבות, פאַר וואָס גראָד ביי דעם שטיין און פאַר וואָס חנוכה-צייט איז טאַקע צוליבן נס חנוכה".

דערווייל האָט ער אויסגעווישט זיינע ברילן מיט די דיקע גלעזער און פאַרריכערט זיין ליולקע מיטן אויסגעדרייטן ציביק, זיך אַוועקגעזעצט ברייטלעך אויפן בענקל ביים טיש, מיך צוגערופן און געזאָגט ווייטער : „זאָלסט וויסן, זונינקע, אַז יידן זענען אַ וווּנדערפאָלק. מיר עקזיסטירן אַלס פאָלק מיט ניסים און מאַכן אַ לעבן פון ניסים. אָט נעם, צום ביישפיל אין דעם פאַל. געווען

אַמאָל שלעכטע צייטן, פאַר אונדז שטעטלשע יידן איז שווער געווען צו מאַכן אַ לעבן, זייער שווער. זומער איז געווען אַ האַלבע צרה, אָבער ווינטער איז געווען גאָר שלעכט, און ווו צו פאַרדינען איז נישטאָ. די פויערים זיצן ווינ־טער אין דער היים, קומען נישט אין שטעטל געבן צו לייזן. איז וואָס טוען אַראַנער יידן? גייען זיי צו די פויערים. ווער מיט פערד און וואָגן און ווער צופוס מיט זייערע פעקלעך סחורה אויף דער פלייצע. האָט פאַסירט אַ מאָל אַ פאַל מיט אַזאַ פעכאָטנעם קאַראַבעלניק. גייענ־דיק צוריק אַהיים ערב שבת, דערמאָנט ער זיך אַז ס'איז היינט חנוכה און ווען ער וועט קומען אַהיים וועט שוין זיין צו שפעט צו בענטשן חנוכה־ליכט. קלערט ער ביי זיך, אַז אַריינגיין אין שטעטל שפעט מאַכט נישט אויס, אָבער בענטשן חנוכה-ליכט וועט שוין זיין שבת, און ער האָט נאָך צו גיין 6 וויאָרסט און קיין יידישער ישוב איז נישטאָ ביזן שטעטל. באַקלערט ער זיך, ער וועט דאָ אָפּבענטשן חנוכה־ליכט. ליכט האָט ער געהאַט אין פעקל און אַזוי האָט ער געטאָן; אַראָפּ פון וועג, אַריין אין וועלדל דערזעט ער אַ שטיין. האָט ער אַוועקגעשטעלט די ליכט אויפן שטיין, אָפּגעבענטשט חנוכה־ליכט און זיך תמימותדיק געלאָזן גיין זיין וועג צום שטעטל. און אַ נס האָט פאַסירט, דאָס וועטער איז געווען אַ שטילס און די ליכט האָבן געברענט. גראָד האָט פאַסירט, אַז אַ פויער איז פאַרבייגעפאָרן. ער זעט, נישט ווייט פון וועג ברענען ליכט. ער האָט זיך צוערשט דערשראָקן, ער האָט גע־מיינט ס'איז אַ חלום. געווען אָבער אַ פויער נישט קיין פחדן, איז ער אַראָפּ פון שליטן. ער גייט צו נאָענט און ער זעט אמתע ליכט ברענען. איז ער אַוועק אין דער־

בייאיקן דאָרף און דערציילט דעם גלח. דער גלח, נישט וועלנדיק גלויבן דעם פויער, זאָגט ער צו אים, ער זאָל אים ווייזן ווו דאָס איז. דער פויער האָט דעם גלח צוגע־פירט צום פלאַץ, און ווען זיי זענען אָנגעקומען האָבן נאָך די ליכט געברענט. דער גלח האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט: — „ווי איך זע, און פאַרשטיי איז דאָס אַן אמתער ווונדער, קיינער פון די יידן וועט אַזאַ זאַך נישט טאָן אום שבת צינדן ליכט. מסתמא איז דאָ אַ הייליק אָרט, און די הייליקע מוטער וויל דאָ האָבן ס׳זאָל געבויט ווערן אַ קלויסטער". און אַזוי איז געווען. גלייך זונטיק האָט דער גלח צונויפגערופן אַלע פויערים פון די אַרומיקע דערפער און זיי דערציילט וואָס ס׳האָט פאַסירט, און געבעטן אַלע פויערים זיי זאָלן דאָרטן אויפן פלאַץ אויסבויען אַ קלויסטער און אַלע יאָר זאָלן זיי קומען אין דער צייט אויף דעם פלאַץ פאַר אַ גאָטעס־דינסט. און אַזוי ווי דו האָסט געזען, קומט עס פאָר אַלע יאָר חנוכה־צייט, זינט איך געדענק. און דערווייל האָבן די שטעטלשע יידן פרנסה, און דאָס איז אַ סוד ביי אונדז יידן, וואָס די גויים טאָרן נישט וויסן. ווען זיי וועלן זיך דערוויסן דעם סוד, וועט עס ביי זיי נישט זיין קיין הייליקייט, וועלן אַראַנער יידן פאַרלירן פרנסה. דע־ריבער דערציילט מען עס נישט די קליינע קינדער, נאָר דו, זונינקע, ביסט שוין אַ היפש בחורל, מעג איך דאָס דיר דערציילן. איצט פאַרשטייסטו שוין אַלץ וואָס פאַר אַ שטיין דאָס איז? און וואָס פאַראַ יאַריד? און פאַר וואָס גראָד חנוכה־צייט? און דעריבער, זונינקע — זאָגט ער ווייטער צו מיר — ווען דו וועסט עלטער ווערן, און ווו נאָר דיין גורל וועט דיך טראָגן, זאָלסטו קיין מאָל

קיין מצוה, אַפילו אַ יידישן מנהג, פאַרפעלן, ווייל ווער ווייס, אפשר פון דיין אָפּהיטן די יידישע טראַדיציעס קען אויך אַמאָל אַ נס פאַסירן".

אויסהערנדיק משה מרדכי'ס געשיכטע האָב איך אים באַדאַנקט און אַוועק אַ צופרידענער אַהיים, און פון דאַן אָן איז ביי מיר אַ חוב אָפּצוהיטן צו בענטשן חנוכה־ליכט.

# די מומע זעלדע

די מומע זעלדע איז געווען די צווייטע פון דריי שוועס־טערס. די עלטערע איז געווען די מומע פראַדל, די צווייטע — די מומע זעלדע, די דריטע איז געווען מיין באָבע אסתר לאה.

געשטאַמט האָבן זיי פון שטעטעלע דויג, עטלעכע ווי־אָרסט פון אַראַן. די דויגער האָבן געהאַט אַ צונאָמען: דויגער ציגן. פראַדל האָט חתונה געהאַט און געוווינט אין אַראַן, און די יינגסטע, מיין באָבע, אויך אין אַראַן נאָר די מומע זעלדע האָט חתונה געהאַט און פאַרבליבן אין דויג, און געלעבט דאָרט אַזוי לאַנג ביז איר מאַן איז נפטר געוואָרן. אין מיינע יינגלשע יאָרן האָב איך געהערט וועגן דער מומע זעלדע אַזאַ מעשה וואָס איך פּרוּוו עס איבערדערציילן. איז אַזוי:

די מומע זעלדע איז מיינע אַן עלטער־ מומע, נאָר מיר פלעגן זי רופן מומע. זעלדעס מאַן איז געווען אַ פישער. ער האָט געהאַט אייגענע לאָדקעס, מיט נעצן, פלעגט אַרויספאָרן אויף דער אָזערע כאַפּן פיש. אַרום דויג איז געווען אַ גרויסע אָזערע, פון אָט דער מלאכה האָט

ער געמאַכט אַ פיין לעבן, ביז איין מאָל אַ ווינטערטאָג, אַרויספּאָרנדיק כאַפּן פיש, ווי געוויינלעך, האָט זיך זיין לאָדקע איבערגעקערט, ער איז אַרויס קוים מיטן לעבן, אָבער זיך פאַרקילט, קראַנק געוואָרן און אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן. די מומע זעלדע איז געבליבן אַ יונגע אלמנה מיט צוויי קליינע מיידעלעך.

די ערשטע צייט איז נאָך געווען פון וואַנען צו לעבן, אָבער וואָס ווייטער איז געוואָרן אַלץ ווייניקער און ס'האָט שוין געעגבערט אין מוח, וואָס וועט ווייטער זיין? די שוועסטערס פון אַראַן האָבן איר געראָטן זי זאָל קומען אין אַראַן. אַראַן איז אַ גרעסער שטעטל, ס'איז פאַראַן אַ מילי־טערישער לאַגער, פאַראַן מער אַרבעט און מעגלעכקייטן פאַר אַ יונגער פרוי.

און אַזוי איז געווען, געקומען אין אַראַן האָט מען איר געדונגען אַ פלאַץ אין צענטער און אויפגעשטעלט אַ ביידל פון ברעטער און אויפגעעפנט אַ קרעמל פון סאָדע־וואַסער און לימאָנאַדע, זיסקייטן. נו, ס'איז געווען חיונה. דעם אמת, איז עס איר געפאַלן אַפילו שווערלעך, אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען אין קרעמל און נאָך געדאַרפט אַכטונג געבן און דערציען די קינדער. אָבער ווי קליין די קינדער זענען געווען האָבן זיי שוין געהאָלפן דער מאַמען, און אַזוי איז זי אָנגעגאַנגען און ס'איז געווען אויף אויסקומעניש. ביז איין מאָל איז געקומען צו איר בודקע חיימ'קע דער משו־גענער, אָט אַזוי האָט מען אים גערופן. ווער חיימ'קע איז געווען, דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ פרוי מיטן צו־נאָמען די פּאַפּיראָסן־מאַכערקע. זי פלעגט מאַכן פּאַפּיראָסן און טראָגן פאַרקויפן אין לאַגער צו אָפיצערן, סאָלדאַטן,

און געמאַכט דערפון אַ לעבן. זי האָט געהאַט אַ ייִנגל, האָט ער געהייסן חיימ׳קע. דאָס ייִנגל איז געווען אַ וויל־דער, ניט קיין נאָרמאַלער, אַ נאַרישער, אָן שכל. נאָר אַ מאַמע איז אַ מאַמע פלעגט זי אים פיין קליידן, אים מיטנעמען אומעטום, האָט זיך זיין משוגעת און נאַרישקייט אַזוי ווייט ניט אַרויסגעוויזן. געזאָגט האָט מען דעמאָלט, אַז דאָס ייִנגל איז עפעס ניט אויפן ריכטיקן וועג געקומען, ווייל זי האָט קיין מאַן נישט געהאַט. נאָר דאָס ייִנגל האָט זיך ביי איר געהאָדעוועט ביז די פּאַפּיראָסן־מאַכערקע איז קראַנק געוואָרן אויף אַ ראַק און איז געשטאָרבן.

דאָס ייִנגל איז דעמאָלט אַלט געווען צוועלף יאָר און געבליבן אויפן גאַס. פון רחמנות פלעגט מען אים געבן אָפּצועסן, אַנדערע האָבן אים געגעבן אַ פּאָר הויזן, אַ רעקל. זומער פלעגט ער שלאָפן אונטער די גאַניקעס מיט די ציגן, ווינטער אין שול. אייניקע פלעגן אים אַריינלאָזן אין שטוב איבערשלאָפן און דערפאַר האָט מען מיט אים זיך געשאַפן אַ גאַנג, געהייסן ברענגען וואַסער פון גוטן ברונעם, אָדער פון טייך, צו מאַכן טיי, און אַז חיימ׳קע פלעגט צייטנווייז קריגן אַ פּאָר קאָפּיקעס פאַר אַרויסהעלפן וועמען, פלעגט ער שוין ווערן דער מומע זעלדעס אַ קונה: קויפן אַ בול־קעלע, אַמאָל אַ לעקעכל, אָדער אַ צוקערקע.

איין מאָל איז אָט דער חיימ׳קע צוגעקומען קויפן וואָס צום קיאָסק, נעמט ער אַרויס אַ רויטן צען־רובלדיקן און ווייזט דער מומע זעלדען און זאָגט: „זעט ס׳אַראַ שיינע פּאַפּירעלעך איך האָב״. די מומע זעלדע דערזעענדיק דעם צען־רובלדיקן איז זי געוואָרן פאַרוווּנדערט. זי האָט חיימ׳קען אַריינגערופן אין איר שטיבל, וואָס איז געווען ניט ווייט פון איר קיאָסק און מיט אים פיין גערעדט, אויס־

געפרעגט וויפל ער האָט פון די פיינע פּאַפּירעלעך און ווו ער האָט עס גענומען. חיימ׳קע האָט איר דערציילט אַז ער האָט אַ סך אַזעלכע, אָבער וויפל ווייס ער נישט, און געפונען האָט ער עס ווו מען פאָרט פון באַן און ער דער־ציילט אַזוי:

— איך גיי זיך מיר אַזוי ווו מען גייט אַריבער די בריק פון באַן, איך זע ס׳ליגט אַ פיינער טשעמאָדאַנ־טשיק, האָב איך עס אויפגעהויבן, געעפנט און געזען די פיינע פּאַפּירעלעך, אָבער קיין געלט איז דאָרטן ניטאָ. האָב איך עס באַהאַלטן אונטערן יסוד פון יאַנקל סיני׳ס הויז.

ווי די מומע זעלדע האָט דערהערט חיימ׳קעס דער־ציילונג, האָט זי באַלד ביי זיך געטראַכט, אַז דאָס איז אַ כשרע מציאה, ווייל ווען זי וועט עס ניט נעמען, וועט עס גיין לאיבוד, פאַר ווייס איך ווער, און ווער איז נאָך אַזוי נויטיק ווי זי? און זי רופט זיך אָפּ צו חיימ׳קען: „הער זיך איין, חיימ׳ל, ווען דו וועסט מיר ברענגען אָט די אַלע פּאַפּירעלעך וואָס דו האָסט געפונען, קיינער זאָל ניט וויסן און קיינער זאָל ניט זען און דו וועסט קיינעם ניט דערציילן, וועל איך דיר אַלע מאָל געבן עסן, טרינקן און קליידן, און אויך שלאָפן ביי מיר — איך וועל דיך האַלטן ווי אַן אייגן קינד״.

חיימ׳קע, וואָס האָט שוין געהאַט צוטרוי צו דער מומע זעלדען, מחמת זי פלעגט אים אויס רחמנות געבן פון צייט צו צייט עסן און אויך אַמאָל געלאָזן שלאָפן, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן עסק, און צוגעזאָגט צו גיין גלייך עס צו ברענגען. די מומע זעלדע אָבער האָט אים געהייסן אָפּוואַרטן ביז אָוונט, ווען ס׳וועט ווערן פינצטער. דערווייל האָט זי געמאַכט אַ פיינע וועטשערע. ווען ער האָט אָפּגעגעסן האָט זי

אים געגעבן אַ זעקל ער זאָל עס אַריינלייגן, קיינער זאָל ניט זען ווען ער וועט טראָגן דעם טשעמאָדאַנטשיק. חיימ׳קע האָט גענומען דאָס זעקל און אַוועק ברענגען די כשרע מציאה.

ווען חיימ׳קע איז געקומען מיטן זעקל און דערלאַנגט דער מומע זעלדען, האָט זי געעפנט דעם טשעמאָדאַנטשיק, און עס איז איר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן — עס איז געווען פול מיט צען־רובלדיקע אַסיגנאַציעס.

זי האָט געגעבן חיימ׳קען נאָך אַן עקסטרע וועטשערע, אים זאַט אָנגעקאָרמעט פאַר דער צייט וואָס ער האָט ניט דערעסן, אים ניט אָפגעלאָזן שוין. ער איז געשלאָפן ביי איר אין שטיבל. דערווייל האָט זי דאָס געלט באַהאַלטן, דעם טשעמאָדאַנטשיק פאַרניכטעט, ס׳זאָל ניט בלייבן קיין שפור.

פאַסירט האָט אָט וואָס — ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ לאַגער מיט מיליטער. אַן אָפיצער איז געפאָרן פון דער באַן-סטאַציע, ער איז געווען אין ווילנע און אָפגענומען געלט פאַר זיין ראָטע צו צאָלן שכירות פאַרן מאָנאַט. אין יענע צייטן פלעגט מען צאָלן שכירות רעגירונג־אָנגעשטעלטע דעם 20טן פון יעדן חודש. דער אָפיצער איז געפאָרן פון ווילנע און זיך אָפגעשטעלט וואַרטן אויף דעם אַראַנער וואָק־זאַל אויף זיין קאַרעטע, וועלכע מען פלעגט צושיקן פון לאַגער פאַר אַזעלכע פּאַסאַזשירן. וואַרטנדיק האָט ער דער־ווייל געמאַכט אַ לחיים, און קענטיק אַריבערגעכאַפּט די מאָס... און פאַרנדיק פון וואָקזאַל צום לאַגער מיט די אמתע סוסים — מען פלעגט צושיקן פון לאַגער אַ קאַרעטע מיט פיר סוסים געשפּאַנט אין דער ברייט, סוסים ווי לייבן, און שכור איז ער געווען האָט ער ווי ס׳ווייזט אויס ניט געשפּירט ווי דער טשעמאָדאַנטשיק איז אַרונטערגעפאַלן, און חיימ׳-

קען האָט דער גורל געפירט גראַדע צו דעם פּלאַץ ווו דער סשעמאָדאַנטשיק איז אַראָפּגעפאַלן, און ער האָט עס אויפ־הויבן און ווי שוין דערמאָנט עס איבערגעגעבן דער מומע זעלדען.

עס זענען אַריבער אַ פּאָר וואָכן און ס׳איז געוואָרן שטיל וועגן דער אבידה. געוועןן מודעות, אַז ווער ס׳האָט געפונען זאָל אָפּגעבן, אָבער אויף געלט איז ניטאָ קיינע סימנים, און נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען קיין זאַך נישט געהערט וועגן דער אבידה. האָט זיך די מומע זעלדע באַט־ראַכט אַז מען דאַרף וואָס טאָן מיטן געלט, האַלטן אין שטוב איז קיין פּלאַן נישט, אַריינלייגן אין פּאָסט טויג אויך נישט — מיט אַ מאָל אַזוי פיל געלט! האָט זי זיך באַקלערט: אַזוי ווי דער פּלאַץ ווו זי האָט דעם קיאָסק איז צו פאַרקויפן האָט זי זיך פאַרשטענדיקט מיטן אייגנטימער פון דעם פּלאַץ, און אַזוי שטילערהייט אָפּגעקויפט. נאָך אַ זעקס מאָנאַטן אָפּגעוואַרט ביז ס׳איז דורכגעגאַנגען דורכן נאָטאַריוס דער פאַרקויף פון גרונט און שוין געקראָגן אַלע דאָקומענטן, האָט זי גערופן אַ מולער, אַ בויער, און אים אויסגעפרעגט די באַדינגונגען צו בויען אַ הויז. ניט פון האָלץ נאָר אַ מויער. אָבער ס׳זאָל זיין געבויט לויט איר אַרכיטעקטור און לויט איר פאַרלאַנג. דער מויערער איז געוואָרן פאַרוווּנדערט — ווי קען עס זיין? געקומען אָרעם און אַזוי גיך אין אַ קורצער צייט זאָל אַזאַ אָרעמע פרוי רייך ווערן און האָבן די מעגלעכקייט צו בויען אַזאַ בנין? אָבער אַז זי איז וויליק צו צאָלן אין מזומן און געבן גלייך האַנט־געלט, האָבן זיי זיך באַדונגען. די מומע זעלדע האָט געגעבן איר פּלאַן: דער מויער זאָל זיין געבויט פונקט אויף צוויי האַלבע, ס׳זאָל חלילה אין אַ צייט אַרום קיין מחלוקת

ניט זיין... דער פונדאַמענט זאָל זיין אַ שטאַרקער, מען זאָל קענען בויען אַ צווייטן עטאַזש, צום מאָמענט האָט זי ניט די מעגלעכקייט צו בויען צוויי עטאַזש.

דער מויערער האָט אָנגענומען איר פּאַראָרדנונג לויטן פּלאַן, געקראָגן האַנטגעלט און זיך געשטעלט בויען. דער פּלאַץ איז געווען אַ גרויסער און דער חידוש אין שטעטל איז געווען נאָך גרעסער. אַלע האָבן זיך געוווּנדערט פון וואַנעט האָט זיך גענומען צו דער אָרעמער פרוי אַזוי פיל געלט? ביז ס'האָט פּאַסירט אַ פּאַל ביים בויען, וואָס האָט אַלעמען קלאָר געמאַכט און פּאַרענטפערט די פראַגע פון וואַנעט זי האָט געקראָגן דאָס געלט צום בויען. גראָבנדיק דעם טיפן פונדאַמענט האָט זיך דער גרעבער, אַ פויער אָנגעטראָפן אָן אַ האַרטער זאַך. געהאַקט מיטן רידל און ס'גייט ניט. גראַדע צום מאָמענט איז די מומע זעלדע גע- שטאַנען דערביי און געזען וואָס דאָ קומט פאָר. זאָגט זי צום פויער: „גיי דו גראָבן אין אַן אַנדער פּלאַץ" און זי האָט צוגערופן דעם מויערער און געבעטן ער זאָל אַליין גראָבן אויף דעם אָרט, ווען קיינער וועט דערביי ניט זיין. פאַר נאַכט, ווען אַלע אַרבעטער זענען אַוועק האָט ער זיך גענומען אַליין צום גראָבן. נאָך אַ קורצער צייט גראָבנדיק האָט ער אַרויסגעצויגן אַ קופּערנעם טאָפּ פול מיט זילבערנע מטבעות, פון נאַפּאָליאָנ'ס צייטן. זי האָט גלייך דעם טאָפּ אַוועקגעטראָגן אַהיים, און ווען אַלע אין שטעטל האָבן זיך דערוווּסט פון געפונענעם אוצר — קיין סך האָבן די געפונענע מטבעות ניט באַטראָפן, נאָר ביי די שאַצערס איז פון די זילבערנע מטבעות געוואָרן גאָלדענע... — איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן פאַר וואָס די אָרעמע פרוי האָט זיך פאַרנומען בויען אַזאַ גרויס הויז.

אַזוי האָט דער קופּערנער טאָפּ פאַרדעקט די שפּורן פון דעם געפונענעם געלט דורך חיימ׳קען. חיימ׳קען האָט זי טאַקע געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד, און דאָס שטעטל האָט געלויבט די מומע זעלדע פאַר איר גוט האַרץ, וואָס זי האַלט אויס אַ קראַנקן, אָרעמען יתום, און מ׳פלעגט טאַקע זאָגן אַז מיר האָבן אַ גוטן פּאָטער אין הימל, וואָס גיט אַכטונג אויף אלמנות און יתומים.

מיט דער צייט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ פיינער, גרויסער בנין, לויטן באַגריף פון אַמאָל און לויט דעם שטעטל. ס׳איז געווען אַ גרויסער מויער — אויס קיאָסק! די מומע זעלדע האָט געמאַכט אַן אַריינפאָרהויז, אויך מיט פאַרשיידענע עסנס, טרינקען אַחוץ שאַרפע משקאות, און אַזוי ווי איר נאָמען איז באַוווּסט געוואָרן ניט נאָר אין שטעטל, נאָר אַפילו אויך אין ווייטערדיקע מקומות, פלעגן קומען צו איר אורחים ווי וואָיאַזשאָרן, פּאָדריאַטשיקעס, און בכלל מענטשן וועלכע פלעגן דורכפאָרן. דערווייל זענען די קינדער אונטערגעוואַקסן, און געגעבן אַ האַנט אין געשעפט און זי האָט געמאַכט אַ פיין לעבן און געשפּאָרט געלט. אָבער די צייט שטייט נישט אויף אַן אָרט — די מיידלעך וואַקסן אונטער, און דאָס עלטערע מיידל מיטן נאָמען ריווע לאה ווערט שוין ניינצן, צוואַנציק יאָר, שוין צייט צו טאָן אַ שידוך, אָבער ווו נעמט מען פאַר איר אַ באַשערטן?

די מומע זעלדע האָט שוין אָנגעהויבן צו זאָרגן וועגן תכלית פאַר איר עלטסטער טאָכטער. ביי איר פלעגן איינשטיין חוץ אורחים, וואָס פלעגן קומען געשעפטלעך אויף אַ קורצער צייט, אויך ישיבה־בחורים, וואָס פלעגן לערנען אין בית מדרש. דאָס זענען געווען בחורים, וואָס האָבן שוין

געענדיקט אַ ישיבה, פלעגן זיי לערנען פאַר זיך, ביז זיי פלעגן קריגן סמיכה פאַר רבנות. עסן פלעגט מען זיי באַ־שטעלן „טעג" ביי בעלי־בתים פון שטעטל, און שלאָפן פלעגט די קהילה צאָלן פאַר זיי, ווי ס'איז געווען דער מנהג אין יענער צייט. אַזעלכע ישיבה־בחורים זענען איינגעשטאַנען ביי דער מומע זעלדע, זי פלעגט זיי זייער ביליק רעכענען.

פאַסירט אַז אַזאַ בחור אַ ווילנער, אַ פיינער יונגערמאַן, איינשטייענדיק ביי דער מומע זעלדע, האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איר עלטערער טאָכטער ריווע לאה. קענטיק געווען אַ בחור מיט אויסערכענונג, פראַקטיש — אַ געשעפטסמאַן. ער האָט געזען אַז דאָס מיידל איז אַ פיינע, געזונטע, מיט אַלע מעלות און דער עיקר, ניט קיין אָרעמע. דאָס שטעטל אויך אַ געשעפטס-שטעטל, מען קען דאָ מאַכן אַ פיין רויק געזונט לעבן, און ער האָט זיך שוין צוגעפוילט צום לערנען... האָט ער זיך באַטראַכט ער וועט פרובירן מזל... ער האָט פאָרגע־לייגט דער מומע זעלדען, אַז אַזוי ווי ער האָט ליב געקראָגן איר טאָכטער ריווע לאה, (קענטיק אַז ער האָט שוין פון פריער געהאַט אַ געשפרעך מיטן מיידל) און מיט איר שוין דורכגעקומען — אין יענע צייטן האָט אַלץ געדאַרפט זיין בסוד — און דער בחור האָט דערציילט וועגן זיינע זכויות: זיין אָפשטאַם, אַ גוטער לערנער און אויך אַז ער פאַרשטייט געשעפט. דער מומע זעלדען איז ער גלייך געפעלן געוואָרן, אָבער זיך אַביסל געקווענקלט, מעשה סוחר, אָבער אין האַרצן געדאַנקט דעם בורא, דעם היטער פון אלמנות און יתומים.

זי האָט גלייך גערופן ריווע לאהן, זי פרעגן וואָס זי האָט צו זאָגן וועגן דעם ענין. און פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט צוגעשטימט. בכלל אין יענער צייט האָט מען אין

גאַנצן ניט געפּרעגט ביי קינדער, אַז דער מאַמען איז גע־פעלן און זי האָט געזאָגט: מיין קינד ס׳איז אַ גוטע זאַך — איז דאָך נישט שייך ריידן און זאָגן ניין. מ׳האָט גלייך געפּראַוועט אַ תנאים, כיד המלך. אָפּגעשריבן אַ האַלבן מויער, לויט ווי די מומע זעלדע האָט געהאַט אין איר פּלאַן בויענדיק דעם בנין, און נאָך צוגעגעבן עטלעכע הונ־דערט רובל צו מאַכן אַ געשעפט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז געווען די חתונה. דער יונגערמאַן איז אַוועקגעפאָרן אין ווילנע, געבראַכט סחורה און געמאַכט אַ געשעפט פון אַלע סאָרטן סחורות, און גע־מאַכט פיין פרנסה. געוואָרן אַ פיינער בעל־הבית פון שטעטל, לויטן אַמאָליקן באַגריף, און די מומע זעלדע האָט געקוואָלן פון נחת קריגנדיק אַזאַ איידעם, מיט וועמען דאָס שטעטל האָט שטאָלצירט. ער האָט גענומען אָנטייל אין אַלע שטעטל־שע ענינים, און בכלל געווען אַ גוטער לערנער, אַ תלמיד חכם.

נאָך דער חתונה פון דער עלטערער טאָכטער איז דער מומע זעלדעס געשעפט קלענער געוואָרן, מחמת מיטן אָפּגעבן אַ האַלב הויז נדן האָט זיך פאַרקלענערט דער אַריינפאָר פון געסט, אָבער עס איז נאָך אָנגעגאַנגען, און די יינגסטע טאָכטער פלעגט העלפן. די ישיבה-בחורים זענען נאָך איינ־געשטאַנען — אַנדערע פלעגן אַוועקפאָרן, אַנדערע פלעגן קומען.

איין מאָל איז געקומען אַ בחור, טאַקע איר איידעמס אַ פריינד, מיטן נאָמען זוסמאַן עליאַשעוויץ. געווען אַ פעיקער בחור, אַ לערנער, זיין אַמביציע איז געווען נאָר צו ווערן אַ רב; געזעסן יומם ולילה און געלערנט. דער מומעס צווייטע טאָכטער מיטן נאָמען חיה עטל האָט געוואָרפן אַן אויג אויף דעם בחור, ער איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, אויך

אַ געלערנטער. אין אָוונט, ווען דער בחור פלעגט קומען פון בית המדרש צו זיך אין צימער און זיין פאַרטאָן אין לערנען, פלעגט חיה עטל אים אַריינטראָגן טיי און וואָס צובייסן, און אַזוי האָט זיך פאַרקניפּט אַ באַקאַנטשאַפט, פון דער באַקאַנטשאַפט — אַ ליבע, און דער בחור איז שוין געווען ווי אַן אייגענער. פון צייט צו צייט האָט ער זיי אַרויסגעהאָלפן אין געשעפט, ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט. פאַרשטייט זיך אַז די מומע זעלדע האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם עסק. וועלכע מאַמע האָט ניט געזאָרגט, געטראַכט און געהאָפט צו קריגן אַן איידעם אַ לערנער, בפרט אַ רב. דאָס איז דאָך געווען דער איינציקער ווונטש אַמאָל ביי אַ יידישער מאַמע, און דאָ איז איר געקומען אין האַנט אַריין דאָס גליק.

ווי איר איידעם אַנשל האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין פריינד זוסמאַן גייט ווערן אַ חתן פאַר חיה עטלען, האָט עס אים זייער פאַרדראָסן און ער האָט אָנגעהויבן אָפּצורייִדן זיין פריינד פון שידוך: „סטייטש! אַזאַ מויד, וואָס באַדינט סאָלדאַטן... (מחמת ביי זיי אין טיי־הויז פלעגן אַריינקומען אַלערליי קונדן) אָט די אויסגעלאַסענע, וואָס לאָזט זיך קושן און גלעטן פון סאָלדאַטן, און ווער ווייס וואָס נאָך. גייסטו זי נעמען פאַר אַ פרוי?"

אַנשל האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַזאַ ישיבה־בחור וועט זיך פאַרליבן אין אַזאַ סאָרט מיידל. געמיינט האָט ער, אַז אַזאַ מיידל, אַ פּראָסטע, וועט קריגן אַ געוויינלעכן בחור, אַ בעל מלאכה, אָדער אַן עם הארץ, און אַנשל וועט זיין ביי דער שוויגער דער לערנער, דער איידעלער, דער חשובער איי־דעם, און דאָ גאָר קריגט זי אַן איידעם חשובער און בעסער פון אים, אַזאַ וואָס גייט זיכער ווערן אַ רב. אַנשל האָט גע־

זען אַז ס׳העלפט ניט זיין מוסרן זיין פריינד, דעם חתן, האָט ער אַרויסגעלאָזן קלאַנגען, אַז דאָס מיידל איז ניט קיין אָרנטלעכע, און די קלאַנגען זענען דערגאַנגען צום חתן, דעם צוקונפטיקן רב. אָבער דער חתן האָט געזען, אַז אַפילו בעת אַ סאָלדאַט פלעגט וועלן אַמאָל אַרומנעמען און אַ גלעט טאָן חיה עטלען, האָט ער אַפילו דאַן אַרויסגעזען פון זיין כלה חיה עטל, איר צניעותדיקייט, און, ס׳האָט אים ניט אָפּגע־האַלטן זי ליב צו האָבן און אויך ניט פאַרמיאוסט פון צו זיין זיין פרוי, און ר׳האָט זיך ניט צוגעהערט צו די פאַלשע בילבולים און שענדלעכע אויסטראַכטונגען. דער מומע זעלדע האָט עס אָבער זייער פאַרדראָסן און זי האָט געהאַט גרויס עגמת נפש פון די שענדלעכע רייד, וואָס פאַרשמוצן איר טאָכטער, ווייל זי האָט געוווּסט אַז איר טאָכטער איז אַ ריינע יידישע כשרע בתולה. נאָך מער האָט איר פאַרדראָסן אַז די אַלע בילבולים שטאַמען פון איר איידעם, אַנשל, און זי האָט געוואַרט אויפן טאָג זיך אָן אים נוקם צו זיין, און דער טאָג איז געקומען.

ס׳איז געקומען דער טאָג פון תנאים — אָפּגעשריבן דעם חתן דעם צווייטן האַלבן מויער, מיט נאָך מזומן אויך, אויף צו להכעיס איר ערשטן איידעם. אין אַ קורצער צייט אַרום איז געווען די חתונה און איר צווייטע טאָכטער חיה עטל קריגט אַ פיינעם יונגנמאַן, וואָס דאַרף באַלד קריגן סמיכות אויף רבנות, און ער איז אויך אַ מאָדערנער און האָט אַנדערע קענטנישן אויך, ער קען אויך שפּראַכן. די מומע זעלדע האָט קיין גרעסער גליק ניט געקענט זיך ווינטשן און זיך ניט געקענט פאָרשטעלן.

אויף מאָרגן נאָך דער חתונה האָט די מומע זעלדע גענומען דאָס ליילעך און די וועש פון איר טאָכטער און

אַריין צום רב (דער רב האָט געוווינט נעבן איר הויז און געווען באַפריינדעט) און רופט אַריין דעם רב אין אַ זייטיק צימער און זאָגט: „זאָגט מיר, רבי! איז די וועש פון אַן אָרנטלעך מיידל, אַ בתולה?" דער רבי באַטראַכט דאָס ליילעך און זאָגט: „ניט ערגער ביי מיינע אייניקלעך..." (מחמת דעם רב׳ס קינדער זענען שוין אַלע געווען אויס־געגעבענע).

די מומע זעלדע האָט געבעטן דעם רב ער זאָל שיקן רופן איר איידעם אַנשלען (זי וועט זיין אין צווייטן צי־מער) און אים ניט זאָגן אַז זי איז אין צימער, מחמת ער איז עס געווען דער וואָס האָט אויסגעטראַכט די אַלע מיאוסע בילבולים אויף אַ כשרער יידישער טאָכטער, און זי וועט אים ווייזן אין רבס אָנוועזנהייט אַז ער זאָל צו־מאַכן זיין מויל, ער זאָל געדענקען נישט אַרויסצוטראָגן קיינע משונהדיקע בילבולים אויף קיינעם נישט, און זאָגן חטאתי, און בעטן סליחה ומחילה.

דער רב האָט געשיקט רופן אנשלען — ווי אנשל איז אַריינגעקומען, איז אַרויס די מומע זעלדע פון צימער און מיט די שמוציקע וועש כליאשק, טראשק צעפראַסקעט איר איידעמ׳ס פנים, אַזוי ווי ס׳באַדאַרף צו זיין און דערביי געזאָגט: — „דאָס איז דיר פאַרן פאַרשמוצן דעם נאָמען פון אַ ריינער יידישער צניעותדיקער טאָכטער, און פון היינט אָן זאָלסטו האַלטן דיין מויל, און בעט מחילה אין רב׳ס קעגנוואַרט". אנשל האָט קיין ברירה נישט געהאַט, אַלץ געטאָן, וואָס די שוויגער האָט אים געהייסן און אַרויס פון רב כאַפנדיק המנס מפלה.

אַזאַ שטיקל אַרבעט האָט געקענט טאָן אַ מאָל אַ יידישע מאַמע צו פאַרהיטן די ריינקייט פון אירס אַ

טאָכטער, און ריינצוואַשן פון אַלע שמוציקע און פאַלשע אויסטראַכטענישן, מחמת קנאה, מחמת אַליין וועלן ווע־רן דער יורש, דער זעלבסטהערשער.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ דורכפאַל, וואָס אַנשל האָט געהאַט ביים רב אין הויז, האָבן זיך די פריינדלעכע באַציונגען צווישן אים און זיין פריינד איבערגעריסן און אויך דער נייער איידעם, דערוויסנדיק זיך פון אַלע ביל־בולים, האָט געוואָלט וואָס גיכער אַוועק זיך נישט צו טרעפן אָפט מיט זיין פריינד און שוואָגער. ער וואַרפט זיך אַריין אין לערנען מיט התמדה, און אין אַ פּאָר יאָר אַרום קריגט ער סמיכה, מיט אַן אויסצייכענונג, און גלייך נעמט ער זוכן אַ שטעלע אַלס רב.

אין אַ קורצער צייט אַרום זעט ער אין אַ צייטונג אַ מודעה אַז אין אַ שטעטל, מאָליווער געגנט, מיטן נאָמען צעריי, פאָדערט זיך אַ רב. ער פאָרט דאָרט אַוועק און טראָץ דעם וואָס ס׳זענען געקומען פיל קאַנדידאַטן, קריגט ער די שטעלע אַלס רב מיט אַ מערהייט שטימען פון די שטעטלשע בעלי בתים. ער קומט גלייך אהיים און זאָגט אָן די שמחה און הייסט זיך קלייבן אין וועג.

ער איז זייער צופרידן, וואָס ער האָט דערגרייכט זיין ציל. ער נעמט מיט זיין שוויגער, די מומע זעלדע, זאָגט איר צו צו האַלטן בכבוד. זיי פאַרדינגען זייער האלב הויז און פאָרן אַוועק. פיל שטעטלשע, זיך דערוויסנדיק אַז ער איז געוואָרן רב האָבן אויס קנאה, אָנגעהויבן באריידן, אַז אָט די באַרעדטע מויד — איז געוואָרן אַ רביצין!

שווער געווען דער מומע זעלדען זיך צו שיידן פון שטעטל, ווו זי האָט איר גליק געפונען, דאָס הויז — כמעט מיט אייגענע הענט געבויט, און איר האַלב לעבן

פאַרבראַכט, די קינדער אויסגעגעבן, און איצט צו דער עלטער צו ווערן פאַרוואָרפן ווער ווייס ווהין. אָבער דער כבוד, דאָס גליק, צו וואָס זי האָט תמיד געגאַרט און געהאָפּט איז איצט דערפילט געוואָרן — אַן איידעם אַ רב, און די טאָכטער אַ רביצין. דאָס געפיל האָט איר מוט און כוח געגעבן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, דאָס איינגעוווינטע, איינגעזעסענע אָרט און פאָרן מיטן איידעם אין יענעם שטעטל, ווו ער איז אָנגענומען געוואָרן אלס רב.

אָנקומענדיק אין שטעטל זענען פיל בעלי בתים, ווי דער מנהג איז, אַרויסגעגאַנגען באַגעגענען דעם אָנקום פון זייער נייעם רב מיט זיין פאַמיליע. מען האָט מיט כבוד זיי געבראַכט אין זייער הויז, וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט. די מומע זעלדען קרוינט מען מיטן נאָמען — די אַלטע רביצין, און חיה עטלען — די יונגע רביצין. די מומע זעלדע ווערט פשוט שענער, יינגער, אָנגעקוואָלן פון נחת. זי האָט אָנגעטאָן קליידער ווי ס׳פאַסט זיך פאַר אַ רביצין, אַ פאַרוק. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זי ליב געקראָגן און רעספעקטירט, מחמת זי איז געווען אַ פריינדלעכע, אַ גוטמוטיקע. תמיד יעדערן באַגעגנט מיט אַ פריינדלעכן גוט מאָרגן.

אָט אַזוי איז די מומע זעלדע באַלוינט געוואָרן מיטן שכר, וואָס יעדע יידישע מאַמע ווינטשט זיך, אָבער נישט אַלע מאַמעס האָבן דעם זכות צו אַזאַ גליק. אָבער, די פרוי, די מאַמע, האָט באמת פאַרדינט די אַלע זכיות, מחמת זי האָט זיך מקריב געווען פאַר אירע צוויי קינדער. זי איז נאָך גאָר יונג געווען ווען איר מאַן איז געשטאָרבן. זי איז געבליבן אַן אַלמנה דאָס גאַנצע לעבן און האָט זיך מקריב געווען, כדי צו דערציען די

קינדער אויף אַ יידישן צניעותדיקן דרך, און טאַקע גע־קראָגן פאַר זיי גוטע מענער, לערנערס, וואָס אין יענער צייט איז עס געווען אַ ברכה פאַר אַלעמען.

נאָר ליידער האַלט נישט אָן לאַנג איר גליק. אין עטלעכע יאָר אַרום, זי איז שוין אַפילו געווען אַ עלטערע פרוי, קריגט זי אַ בלוטשטורץ און שטאַרבט אויף די הענט פון איר איידעם דעם רב. זי איז געשטאָרבן מיטן גלויבן, אַז זיכער וועט איר אָרט זיין צווישן די אמהות שרה, רבקה, רחל ולאה, אין גן עדן, און נהנה זיין מזיו השכינה... און זי שטאַרבט מיט צופרידנקייט, ווי איר שמייכלדיקער פנים האָט עדות געזאָגט.

# לא תגנוב

יאַנקל איז אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, נאָר ער זעט אויס מערער ווי זיין עלטער. ער איז אַלט פינף און דרייסיק יאָר, און זעט אויס ווי פופציק. ער גייט אַלע טאָג צו דער אַרבעט אין פאַבריק, אַרבעט פון זעקס אין דער פרי ביז זעקס אין אָוונט. ער אַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג און קריגט דריי רובל אַ וואָך שכירות, קוים אויף ברויט צו שפייזן זיין פאַמיליע — אַ פרוי מיט פיר קינ־דערלעך. נאָר ער האָט נישט קיין ברירה. ער האָט שוין פיל גילגולים דורכגעמאַכט. שוין אַלץ אויספּרובירט זינט ער האָט חתונה געהאַט. פון אַ ישיבה בחור איז ער געוואָרן אַ קרעמער, ווייל די קראָם איז אים אַריינגעפאַלן מיטן נדן. די ערשטע צייט, ווען זיין יונג ווייבל האָט אים אַרויסגעהאָלפן, איז די קראָם ווי נישט איז געגאַנגען. נאָר ווי דאָס משפחהלע האָט אָנגעהויבן וואַקסן, די הוצאה איז געוואָרן גרעסער, און דאָס ווייבל זיינס איז געווען פארנומען מיטן האָדעווען די פיצעלעך, איז דאָס קרעמל אונטערגעגאַנגען. ווערט יאַנקל אַ מלמד. פון מלמ־דות אַליין מאַכט מען נישט קיין לעבן, העלפט אים זיין

ווייבל אין עול פון פרנסה, זי הייבט אָן באַקן בייגל, בולקעס. די בעקעריי איז טעטיק ביינאַכט, ווען די תל־מידים גייען אַהיים. ביז אין דער פרי ווערט שוין די אַרבעט אָפּגעטאָן. צו די שווערע אַרבעטן לייגט יאַנקל צו אַ האַנט: אַריינטראָגן האָלץ צו הייצן דעם אויוון, אַריינזעצן אין אויוון דאָס געבעק, היטן ס׳זאָל נישט פאַר־ברענט ווערן, אָדער ס׳זאָל נישט אַרויסקומען רוי. און אַז מען שלאָפט זיך נישט אויס ביינאַכט — כאַפּט מען אַ דרימל ביים לערנען מיט די תלמידים.

די תלמידים, ווען זייערע טאַטעס פאַרהערן זיי שבת וואָס זיי האָבן געלערנט דורך דער וואָך, ווייסן נישט וואָס זיי האָבן געלערנט, דערציילן זיי אַ תירוץ אַז דער רבי שלאָפט ווען ער לערנט מיט זיי. נעמט מען אָפּ די תלמידים איינציקווייז, זיי האָבן קיין פעולה פון יאַנקל׳ס תורה. אַזוי אַרום פאַרלירט יאַנקל זיין קנעלונג נאָך אַ פּאָר זמנים.

פון זיין ווייבל׳ס בעקעריי אַליין איז נישטאָ קיין חיונה, און ער איז לסוף געבליבן אַ בעל חוב. די מעל־הענדלערס האָבן אָפּגעשטעלט דעם קרעדיט. כדי צו נעמען זיך צום האַנדל, דאַרף מען האָבן געלט, און אויך זיך אויסטויגן. דעריבער איז יאַנקל געווען געצווונגען צו גיין אין דער שטעטלשער פאַבריק פאַר דריי רובל אַ וואָך.

גייט אַזוי יאַנקל יעדן פרימאָרגן פינף פאַר טאָג צו דער אַרבעט און קומט נאָך זעקס אין אָוונט אַהיים, אַן אויסגעמוטשעטער, אַן אויסגעשעפּטער, אַ פאַרשוואַרצטער, קוים וואָס די פיס זיינע דערטראָגן זיין אויסגעמוטשעטן קערפּער אַהיים. ער האָט נישט קיין ברירה — שטייט ער ביי אַ פּאָמפּע און פּאָמפּעט פון איין פאַס אין אַ צווייטער,

אַזוי אַ גאַנצן טאָג — קאַטאָרזשנע אַרבעט. ער אַרבעט שווער מיט די לעצטע כחות, קוים וואָס ער דערוואַרט זיך אויפן שבת, כדי זיך אָפּרוען און אויך צו גיין אין בית מדרש אַריינצוקוקן אין אַ ספר, קריגן אַביסל גייסטיקע שפּייז פאַר אַ גאַנצע קומענדיקע וואָך.

איין מאָל אַ נאָך פּורים פאַר נאַכט, רופט אים צו דער בעל הבית און זאָגט אים: „יאַנקל, נאַט אייך פינף און צוואַנציק רובל, כאַפּט זיך צו אין שטעטל און בייט עס אויס אויף קליינגעלט״. יאַנקל נעמט דעם פינף און צוואַנ־ציקער און גייט אויספירן די שליחות פון בעל הבית. דאָס וועטער איז געווען פיין, דער שניי איז אין גאַנצן כמעט ווי פאַרשוווּנדן. די אונטערגייענדיקע זון האָט נאָך גוט געוואַרמט מיט אירע פאַרנאַכטיקע שטראַלן, געטריבן די לעצטע שפּורן פון פאַרעקשנ׳דיקן ווינטער. אויף די בוי־מער האָבן זיך שוין געזען נייע שפּראָצונגען, אַן אָנזאָג, אַז דער פרילינג קומט.

יאַנקל האָט גאָר קיין מאָל נישט אַזוי באַטראַכט די נאַטור ווי גייענדיק איצט. מיט אַ מאָל קומט אים אַרויף אַ געדאַנק: „אָ! ווען איך האָב דאָס די פינף און צוואַנציק רובל! ערשטנס וואָלט איך באַצאָלט די חובות, וואָס איך קום די מעלהענדלער, וואָלט איך ווי־דער באַקומען קרעדיט. צווייטנס, וואָלט איך אַביסל באַ־קליידט די קינדער וואָס גייען נאַקעט. מיט די איבע־ריקע פאָר רובל, וואָלט איך אָנגעהויבן צו האַנדלען. אָט איז שוין באַלד פּסח און איך זע נישט ווי איך וועל זיך דאָ דורכקערעווען. אפשר איז אַ פּלאַן צוצונעמען דאָס געלט און זאָגן, אַז איך האָב פאַרלאָרן״. מיט אַ מאָל כאַפּט ער זיך אויף פון געדאַנק: „וואָס פאַראַ בייזע

מחשבה, ווער רעדט עס מיך צו צו אַזאַ עבירה. איך, א גנב! אָפּגעלעבט אַ לעבן און פון קיינעם קיין גראָשן נישט צוגענומען, און דאָ אַזאַ שרעקלעכער באַגער. ניין! לא תגנוב שטייט אין דער הייליקער תורה״.

און ווידער קומט אים דער געדאַנק, ס׳דוכט זיך יאַנקלען ווי אימיצער וואָלט אים זאָגן: „ניין, יאַנקל! דאָס איז נישט גנבה, דו וועסט אים אָפּגעבן דאָס געלט ווען דו וועסט האָבן, ס׳וועט זיין נאָר בתורת הלואה, און דערווייל וועסטו זיך דורכקערעווען. זע, ווי דו גייסט אָפּגעריסן, די קינדערלעך נאַקעט, אַזאַ יום טוב פּסח! אין שטוב איז נישטאָ קיין שטיקל ברויט פאַר די קינדער, וואָס ביי אַנדערע איז שוין דער גאַנצער יום טוב פּסח אָנגעגרייט. ניין, יאַנקל, נישט פאַר דיר, פון די קינ־דערסוועגן, ווו איז דיין כרחם אב על בנים״.

פּלוצלונג, ווי ער ראַנגלט זיך מיט דער בייזער כוונה, לויפט אָן מאָטע דער טרעגער, אויך אַן אַרבעטער פון פאַבריק, אַ פאַרסאָפּעטער, אַ פאַרמאַטערטער, און גיט אַ פרעג: „יאַנקל! ווו גייסטו?״ יאַנקל האָט זיך בשעת מעשה דערשראָקן פון אַזאַ פּלוצלונגדיקער פראַגע. יאַנקל זאָגט אים, אז דער בעל הבית האָט אים געשיקט אין שטעטל. „און מיך — זאָגט מאָטע — האָט אויך דער בעל הבית געשיקט אין שטעטל. אָבער יאַנקל! דריי זיך אום. גיב אַ קוק! פון פאַבריק זעצט אַ רויך מיט פלאַמען, די פאַבריק ברענט!״.

יאַנקל קערט זיך אום צוריק אוןביידע לויפן צו דער ברענענדיקער פאַבריק. און אַזוי לויפנדיק קלערט יאַנקל: „איצט בלייב איך אין גאַנצן אָן ברויט, אַפילו די אָרעמע שכירות, וואָס איך האָב געקראָגן, גייט אויך

אַוועק מיטן רויך". און יאַנקלען קומט אויף אַ נייע מחשבה, ווער ווייס, ס'איז עפּעס אַ מאָדנער נסיון, מען פּרוווט אים פון הימל, און ער האָט זיינע אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלויבן, איז עס נישט קיין חלום? אָבער ער זעט בפועל ממש אז די פאַבריק ברענט, און ער דער־מאָנט זיך וואָס זיין ווייב האָט אים היינט פרי געזאָגט, אַז זי שפּירט ווידער א נפשל אין זיך, נאָך אַן אומשולדיק נשמהלע זיך צו מוטשען — „אָבער ווי קען איך עס טאָן, — לא תגנוב!"

מיט אַ מאָל, גיט מאָטע אַ זאָג: „וואָס זאָגסטו, יאַנקל, אַ גוט שטיקל אַרבעט, האַ? אין צוויי חברות זיך פאַרזיכערט און וואָס מיינסטו איז זיין שיקן אונדז אין שטעטל. ס'איז אויך נישט אומזיסט, מען האָט עס געדאַרפט צום עסק. פאַרשטייסט, יאַנקל, ווו מיר אַרבעטן איז פאַראַן אַ סך ברען־מאַטעריאַל. טאָ צו וואָס זאָלן יידע־לעך זיך מישן אין דעם עסק? ס'קען נאָך שאַטן אַן עין הרע, האָט מען אונדז בכיוון געשיקט אין שטעטל, פאַר־שטייסט, יאַנקל?". און יאַנקל האָט גאָר בשעת מעשה נישט פאַרשטאַנען וואָס מאָטע רעדט צו אים.

אָט קומען זיי צו נאָענט — די פאַבריק איז געוועזן אַ הילצערנע געביידע, האָט דאָס פייער גלייך אַרומגעכאַפּט די גאַנצע פאַבריק.

דער בעל הבית קומט זיי אַנטקעגן און זאָגט זיי: „יידן! זעט, ראַטעוועט כאָטש די פּאַרטיקע סחורה אין די סקלאַדן, וועלכע ברענען נאָך נישט, זעט, ראַטעוועט וואָס איר קענט. מיין גאַנץ פאַרמעגן ווערט פאַרברענט".

יאַנקל וואַרפט גלייך אַראָפּ זיין אויבער־בגד און לויפט צו די סקלאַדן. די טיר איז פאַרשלאָסן. ברעכט ער

אויף די טיר — ס׳איז ליידיק, נישטאָ קיין סחורה. נאָך אַ סקלאַד ליידיק און אַזוי כסדר... און דאָ דערמאָנט זיך יאַנקל — „אָ! וואָס האָט מאָטע געזאָגט: אין צוויי געזעלשאַפטן פאַרזיכערט״, און ווידער קומט אים אויפן געדאַנק זיין אָרעמע הייזקע, דאָס ווייב מיט די נאַקעטע קינדערלעך, די אָרעמע שכירות וואָס ער פלעגט קריגן איז אויך אונטערגעגאַנגען, ער האָט אַפילו אַ טאָג נישט אויסצוקומען, און דאָס פייער טוט ס׳זייניקע, שוין אַפּי־לו די סקלאַדן אַרומגעכאַפּט. ס׳יאָגן אין דער הויך די פייערדיקע צונגען, און ס׳דוכט זיך יאַנקלען ווי דער שטן אַליין שטעקט אים אַרויס אַ פייערדיקע צונג און שיסט אַרויס מיט אַ געלעכטער און זאָגט: „וואָס זאָגסטו, יאַנ־קל, לא תגנב, אָ! — ווו איז דעם פאַבריקאַנטס לא תגנב? ס׳הייסט ער מעג, ווייל ער איז שטאַרקער, מעכ־טיקער מיט מערער רשעות״.

דאָ האָט שוין יאַנקל דעם נסיון נישט געקענט ביישטיין. ער פאַרשטעקט די 25 רובל אונטער אַ שטיין ער זאָל עס ביי זיך נישט האָבן און וואַרט ביז די פאַב־ריק האָט געענדיקט ברענען — ביז האַלבער נאַכט אָפּגע־וואַרט. זיך די הענט פאַרברענט, פאַרשוואַרצט פון רויך, די בגדים פאַרברענט, צעריסן.

ווען דאָס פייער האָט זיך פאַרענדיקט, טוט אָן יאַנקל זיין אויבער־בגד צו גיין אַהיים, קומט צו דער בעל הבית און גיט אַ זאָג: „יאַנקל, ווו זענען די פינף און צוואַנציק רובל?״ יאַנקל רוקט אַריין די האַנט אין קעשענע ווו דאָס געלט איז געלעגן און בשעת מעשה האָט ער פאַרגעסן אין די גאַנצע געשעענישן און וויל אָפּגעבן דאָס געלט. מיט אַ מאָל דערמאָנט ער זיך וואָס

ער האָט געטאָן מיטן געלט און אין יאַנקלען שטאַרבן אָפּ אַלע גלידער, ער ווערט ווייס ווי קאַלך. אַ נס וואָס זיין פּנים איז פאַרשוואַרצט געוואָרן פון רויך, ווען נישט, וואָלט מען גלייך געקענט דערקענען, און זיין פּנים וואָלט אים פאַרמסרט. נאָר נאָך אַ ווײַלע זוכנדיק אין די קע־שענעס, קומט יאַנקל צו זיך, און זאָגט: — „איר ווייסט, איך האָב דאָך נישט דאָס געלט, ווי ס׳ווייזט אויס האָב איך דאָס געלט פאַרלאָרן. נאַט, זוכט, איך האָב נישט״. „נו — זאָגט דער בעל הבית — מיר וועלן זען מאָרגן״.

יאַנקל קומט אַהיים אַ פאַרחושכטער פון כמעט אַ גאַנצע נאַכט אַרבעט. אַ פאַרברענטער, אן אויסגעשעפּטער פון אַלע איבערלעבענישן... דאָס ווייב זיינס דערקענט אים גאָרניט און פרעגט: „יאַנקל! וואָס האָט פּאַסירט, איך האָב דאָך ניט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. וואָס איז געשען? זע, ווי דו זעסט אויס, שוואַרץ, מיט סאַזשע אויס־געשמירט״. יאַנקל דערציילט איר דעם גאַנצן אמת... און זאָגט: איך האָב זיך געגוג געראַנגלט, נאָר ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון. די נויט האָט מיך געבראַכט דערצו קעגן מיין ווילן, גלויב מיר, קעגן מיין ווונטש״. זיין ווייב, אויסהערנדיק וואָס ער האָט איר דערציילט, האָט זיך גוט אויסגעוויינט אויף זייער פינצטער מזל און צו וואָס פאַר אַ נידעריקן מצב זיי זענען אַראָפּגעפאַלן, און זאָגט: „יאָ, איצט זע איך דעם מענטשנס ווילן איז זייער שטאַרק, אָבער נאָך שטאַרקער איז די נויט, ניטאָ קיין ברירה!״.

אין אַ פּאָר טאָג אַרום האָט זיין ווייב אָנגעהויבן צוצוגרייטן אויף פּסח. באַקליידט אַביסל די קינדערלעך, אָבער מיט וואָס פאַר אַ האַרץ האָט יאַנקל אָפּגעריכט דעם סדר, דאָס האָט קיינער ניט געוווּסט.

חול המועד פסח קומט אַריין דער שמש און זאָגט: „יאַנקל, דער רב האָט מיך געשיקט צו אייך און הייסט אייך גלייך קומען". יאַנקלען האָט אַ שרעק אַרומגעכאַפּט, דער רב? עפּעס ווי דאָס האַרץ האָט עס פאָרויסגעזען, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, ער וועט זיך מוזן ראַנגלען מיט אַ גרעסערן נסיון. נאָר אַז דער רב רופט מוז מען דאָך גיין.

ער קומט אַריין צום רב. מען וואַרט טאַקע אויף אים, און טאַקע דער פאַבריקאַנט. דער פאַבריקאַנט איז געווען אַ ייד ניט פון די שול־יידן, נאָר אַן אָנגעזעענער בעל בית. ער פלעגט שטיצן די תלמוד־תורה, געבויט אַ הקדש, אַ מקוה, געגעבן נדבות, און אַז אַזאַ בעל הבית הייסט רופן יאַנקלען איז דאָך ניט שייך. ווי יאַנקל איז אַריין, האָט אים דער רב אַריינגעפירט אין אַ זייטיק צימער, און רופט זיך אָפּ צו אים: „דער פאַבריקאַנט איז אייך חושד אין פאַר־לייקענען פינף און צוואַנציק רובל, וואָס ער האָט אייך געגעבן אויסצובייטן. יאַנקל! זייט זיך מודה, אַז ניט קומט אייך על פי דין אַ שבועה. איר וועט מוזן שווערן אַז איר האָט ניט פאַרנוצט דאָס געלט פאַר זיך". אין דעם מאָמענט האָט זיך יאַנקל געפילט זייער דערשלאָגן, עס זענען אין אים אָפּגעשטאָרבן אַלע זיינע אברים און חושים, ס'האָט אים גענומען אַ רעכטע ווײַלע ביז ער איז געקומען צו זיך. ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן דעם רב. מודה זיין זיך — בלייבט ער אַ גנב, און האָבן אַ נאָמען אַלס אַ גנב, ווער וועט אים נעמען אויף אַ שטעלע — ער פאַרלירט זיין נאָמען. זיך שווערן! איז דאָך די עבירה זייער גרויס, ווייל יאַנקל איז געווען אַ ייד, וואָס האָט פאַרשטאַנען די שוואַר־צע פינטעלעך און געוווּסט אַז פאַר שווערן פאַלש איז דער חטא זייער אַ האַרבער. די שטראָף מן השמים איז

גרויס, אפשר עולם הבא צו פאַרלירן, און יאַנקל הויבט אָן טענהן צום רב: „סטייטש, רבי, ווי איז מען דאָס מיך חושד״. ער דערציילט דעם רב ווי ער האָט אויסגעטאָן דאָס בגד ווען ער האָט געהאָלפן לעשן דאָס פייער, קענטיק ס׳איז אַרויס געפאַלן. יאַנקל ראַנגלט זיך מיט אַלע זיינע כוחות בייצו־קומען דעם נסיון פון שווערן פאַלש. „יאַנקל״ — זאָגט דער רבי — „איך זע, אַז איר זייט ריין פון גנבה, איך קען דאָך אייך פאַר אַן אָרנטלעכן מאַן. אָבער, צופרידן צו שטעלן דעם פאַבריקאַנט מוזט איר שווערן, ווייל ער לאָזט ניט נאָך״.

און ווידער קומט דער זאָגער און זאָגט אים: „יאַנקל! שווער! בעסער אַריינפאַלן צום אויבערשטן אין די הענט איידער אין מענטשנס מיילער״ — און יאַנקל שווערט אַז ער האָט ניט גענומען דאָס געלט פאַר זיך, דערביי אין זינען געהאַט, אַז נאָר צוליב די קליינע קינדערס וועגן איז ער געצווונגען צו שווערן כדי ניט צו בלייבן אַ גנב ביי מענ־טשן.

איצט האָט יאַנקל פאַרשטאַנען דעם מיין פון עבירה גוררת עבירה. ער האָט קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען דעם פשט, מחמת ווי קען מען טאָן אַן עבירה קעגן דעם אייגענעם ווילן? און דאָ האָט ער קעגן זיין ווילן געמוזט, געווען גענויט צו שווערן פאַלש, און ווער ווייס צו וואָס פאַראַ חטאים ער קען נאָך זינקען. יאָ, פאַר אַ לעבל ברויט מיט עולם הבא באַצאָלט! יאַנקל גייט אַרויס פון רב מיט אַ שווער געדריקטן געמיט, געקומען אַהיים כמעט גייסטיק צעבראָכן.

זיין ווייב האָט עס גלייך דערקענט, אַז עפעס איז פאָר־געקומען מיט יאַנקלען, נאָר ניט געוואָלט אים באַלאַסטיקן מיט פראַגעס. און אַזוי איז יאַנקל אַרומגעגאַנגען נאָך די

לעצטע געשעענישן אַ פאַרמרהשחורהטער, אַלץ קלערנדיק ווי אַזוי זיך ריינצווואַשן פון די זינד און קריגן אַ תיקון.

גלייך נאָך פסח האָט מען זיך געשטעלט בויען אַ נייע פאַבריק. אַ בעסערע, אַ שענערע, אַ גרעסערע, לויט דער לעצטער טעכניק. צו אַזאַ פאַבריק האָבן זיך שוין געפאָדערט מערער אַרבעטער, און דער פאַבריקאַנט האָט צוריקגענומען די אַלטע אַרבעטער און אויך יאַנקלען. יאַנקל אַרבעט, אָבער עס גייט אים ניט איין זיין לעבן. ער אַרבעט אָפּ נאָך אַ פּאָר יאָר אין פאַבריק ביז די קינדער זיינע ווערן גרעסער און הויבן אָן אַליין צו פאַרדינען. יאַנקל פאַרלאָזט די פאַבריק און הויבט אָן צו האַנדלען מיט דער הילף פון זיינע קינדער און איז מצליח. ער האָט שוין אַפילו די מעגלעכקייט אָפּצוצאָלן דעם חוב זיין אַמאָליקן בעל הבית, אָבער ווי טוט מען עס? ער קען ניט קומען און זאָגן אַז ער האָט אַמאָל פאַרלייקנט דאָס געלט, ווידער ווערט זיך אַרויסווייזן די פאַלשע שבועה... דאָס עקבערט אים און ס׳גריזשעט ווי אַ מיק אין זיין מח. ס׳גייט אים קיין זאַך ניט איין, נאָר ער האָפט און וואַרט אויף אַ געלעגנהייט ע׳ר זאָל זיך קענען ריינוואַשן פון די זינד, וואָס ער איז באַגאַנ־גען.

און ער האָט זיך דערוואַרט — אַזאַ געלעגנהייט איז גע־קומען.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרכאַפּן דאָס שטע־טל די באָלשעוויקעס, די פאַבריק ווערט קאָנפיסקירט, דער פריערדיקער פאַבריקאַנט ווערט אויס יחסן. עסנוואַרג האָט אָנגעהויבן צו פעלן, פשוט פאַר געלט ניט צו קריגן, און יאַנקל דערוויסט זיך אַז זיין אַמאָליקן בעל הבית פעלט אויס שפּייז. ווערט ער זייער צושטעלער פון שפּייז. יאַנקל

הויבט אָן זיי צו טראָגן בסתר פון כל המינים שפּייז — מעל, קאַרטאָפלעס, אַרבעס א.א.וו. ער האָט שוין זיינע באַקאַנטע פּויערים, וואָס ער קויפט ביי זיי.

יאַנקל ווייס אז די סכנה איז גרויס, כאַפּט מען אים איז די שטראָף שיסן, נאָר יאַנקל טוט עס מיט שמחה, און ביסלעכווייז ווערט יאַנקל פריילעכער; ער פאַרלירט דעם אומעט, די מרה שחורה גייט אַוועק, און אַזוי טראָגט יאַנקל די פּעקלעך שפּייז כמעט יעדע וואָך צום פאַבריקאַנט אין שטוב אַריין.

ס׳האָט פּאַסירט אַ מאָל, טראָגנדיק אַזאַ פּעקל, אַז מען האָט אים געכאַפּט, האָט ער געהאַט גרויסע צרות, און קוים מיט פאַרשיידענע תירוצים, און ווייל דאָס ערשטע מאָל, זיך אַרויסגעדרייט. אין דעם מאָמענט איז ווידער געקומען דער זאָגער און זאָגט: „יאַנקל! צו וואָס טוסטו דאָס? דו גייסט אַליין צו דער עקדה, דו שטעלסט דיין לעבן אין געפאַר. פאַר וואָס? דו זעסט דאָך איצט אַז ס׳איז אַ הפקר־וועלט, דער שטאַרקער כאַפּט, טאָ ווּ קריכסטו? פאַרגעס וואָס ס׳איז געווען".

מענטשן דערוויסנדיק זיך צו וועמען ער טראָגט די פּעקלעך, וואָרנען, סטייטש, צו וואָס טוט ער עס ריזיקירן מיטן לעבן און פאַר וועמען, פאַר דעם אַמאָליקן פּאַראַזיט, פאַר וועמען זיי האָבן אַמאָל געאַרבעט פאַר אומזיסט, גייט ער נאָך אונטערשטיצן און אים אַרויסהעלפן.

יאַנקלען קומט ווידער אויס זיך צו ראַנגלען מיט אַ נסיון, און ער קלערט ביי זיך, אַז אפשר זענען זיי טאַקע גערעכט. אָבער דאָס מאָל איז ער דעם נסיון בייגעקומען. ניין, טראַכט יאַנקל, ס׳איז ניט אַלץ הפקר, אָט טאַקע אין דעם פאַל מיטן פאַבריקאַנט: אָט האָט זיך די צייט

מיט אים אָפּגערעכנט, הייסט עס, אַז ס׳איז דאָ אַ העכערע קראַפט, און ס׳קומט אַ טאָג פון משפט און יאַנקל שטעלט ווייטער ניט אָפּ זיין מסירת־נפשדיקע אַרבעט.

קיינער האָט ניט געוווּסט פאַר וואָס יאַנקל טוט עס, נאָר ער אַליין ווייסט און טראַכט אַז מיט דער סכנות־דיקער אַרבעט צאָלט ער אָפּ דעם חוב... און וועט זיך ריינוואַשן פון די זינד כלפּי שמים, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן זיין ווילן.

אַזוי האָט יאַנקל געקראָגן זיין תיקון און דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַן אמתן בעל תשובה.

# חיים דער שניידער

איינער פון די פיינסטע טיפּן ביי אונדז אין שטעטל איז געווען חיים דער שניידער, טאַקע פון פּראָפעסיע אַ שניידער. ביי אונדז אין שטעטל זענען געווען פיר סאָרטן שניידער: געווען מיליטער־שניידער וואָס האָבן געניייט נאָר פאַרן מיליטער, ווייל ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ לאַגער פון מיליטער. שניידער, וואָס האָבן געניייט פאַרן אינטעליגענטן עולם. ד.ה. פאַר די וואָס האָבן געהאַלטן פון דער מאָדע. עמך־שניידער, וואָס האָבן געניייט פאַרן פשוטן עולם — פאַר עמך. אויך שער און אייזן־שניידער, ד.ה. זייערע געצייג זענען געווען די שער און פּרעסאייזן, זיי האָבן געאַרבעט פּרימיטיוו אָן אַ מאַשין, ניט געגלויבט אין דער נייער טעכניק.

חיים דער שניידער איז געווען פון דער דריטער קאַטע־גאָריע, אַן עמך־שניידער. זיין מלאכה איז געווען פאַר אַ פשוטן יידן אויפניייען אַ קאַפּאָטע, אַ פאָר הויזן. פאַר יינגלעך קאָסטיומטשיקעס, אָדער גאָר אַ ניצעוואַניע, וואָס צו אַ־זעלכע אַרבעט האָט מען קיין צו גרויסע קונסט ניט באַדאַרפט האָבן. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט אַ סך אַרבעט, פלעגט ער אָננעמען לערן־יינגלעך אויף טערמינען. אָט אַזוי

האָבן ביי אים געאַרבעט אַ צען־צוועלף אַרבעטער. געווינט האָט חיים אין אַ זייטיק געסל, ניט ווייט פון שולהויף. דאָס רוב פון זיינע לערן־יינגלעך און בעלי־מלאכות זענען געווען משוררים ביים שטעטלשן חזן, און ווען מען פלעגט פאַרבייגיין זיין הויז, ווו זיי האָבן געאַרבעט, האָט מען געקענט הערן זינגען פאַרשיידענע ניגונים פון שבתדיקע און יום־טובדיקע תפילות, און סתם לידער. די מאַשינען פלעגן צוקלאַפּן צום טאַקט. ווען ס׳פלעגט קומען נאָענט צו יום־טובים, האָט מען שוין געקענט פאָרויס הערן די נייע קאָמפּאָזיציעס וואָס אונדזער שטעטלשער חזן האָט אויס־געאַרבעט פאַר די קומענדיקע יום-טובדיקע תפילות. געוויינ־טלעך האָט מען אין יענער צייט געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג, פון אַכט אין דער פרי ביז אַכט אין אָוונט, און אַ פּאָר וואָכן פאַר יום־טוב גאַנצע נעכט, פון קיין שטרייקס האָט מען דאַמאָלט ניט געוווּסט.

חיים דער שניידער איז געווען אַ פּשוטער ייד, אַ תהילים־ייד, געקענט דעם תהילים אויף אויסנווייניק. ער איז געווען אַ מיטגליד פון חברה קדישא, פון חברה ביקור חולים און געווען אַ גבאי פון דער קאַלטער שול. ער האָט געמאַכט אַ מאָל אַ שנאַפּס. פלעגט אימעצער קראַנק ווערן, איז חיים געווען דער ערשטער, אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט און געגאַנגען באַזוכן דעם חולה. און ווער האָט ניט געקענט חיים דעם שניידער? איידער מען האָט גערופן אַ דאָקטער צו אַ חולה, האָט מען צום ערשטן אָנגעזאָגט חיימען, און אַז חיים פלעגט קומען איז שוין אַלץ געווען באַזאָרגט. ער פלעגט שוין וויסן אין וואָס דער חולה נויטיקט זיך — אַ פעלדשער, אַ דאָקטער, אָדער גאָר אַ ספּעציאַליסט פון מקום. (דער מקום איז געווען ווילנע).

קיין שפּיטאָל איז ביי אונדז ניט געווען. דער קראַנ־קער פלעגט מוזן ליגן אין שטוב. איז ער געווען אַ פאַר־מעגלעכער, פלעגט מען דינגען ווערמען צו באַדינען דעם קראַנקן, דאָך פלעגט חיים קומען אָפּט באַזוכן דעם קראַנ־קן. אָבער, ווען ס׳פלעגט זיין אַן אָרעמער קראַנקער, פלעגט שוין חיים באַזאָרגן מיט אַלץ: אַ דאָקטער, רפואות, און ווען ס׳האָט געפעלט מיט וואָס צו שטאַרקן דעם חולה, אַביסל לאָבונג ווי מאַלינעס, קאַרשן־סאָק, אַ פלעשל וויין, אָדער גאָר אַ הינערש יאַיכל. ווען דער בעל מפרנס אַליין פלעגט קראַנק ווערן, פלעגט שוין חיים וויסן וואָס צו טאָן. איז דאָס געווען סתם אַן אָרעמאַן, פלעגט ער געבן דער פרוי אַ פּאָר רובל אָנצוגיין ביז דער ברויטגעבער וועט געזונט ווערן. איז דער חולה געווען אַ בכבודיקער אָרעמאַן, ווע־מען ס׳פּאַסט ניט צו געבן נדבות, פלעגט ער שוין אונטער־וואַרפן ביי זיי אין הויז עטלעכע רובל (מתן בסתר), אָדער לאָזן עס אונטערן חולה׳ס קישן.

ער האָט זיינע ניט געגעבן, ווייל ער האָט אַליין קוים געמאַכט אַ לעבן. ער פלעגט אָבער אַריינגיין אין עטלעכע רייכערע הייזער און קריגן וואָס ער האָט נויטיק געהאַט פאַרן חולה. מען האָט שוין געוווּסט אַז חיים קומט, איז דאָס ניט אומזיסט. מען פלעגט שוין גלייך פרעגן: „ווער איז ניט געזונט? און אין וואָס באַשטייט די קראַנקייט?“ בכדי צו וויסן ווי גרויס די נדבה דאַרף זיין. ס׳פלעגט טרעפן אַז חיים איז דורכגעזעסן נעכט ביי אַ חולה, כדי די שטו־ביקע זאָלן זיך אָפּרוען, ווייל דער קראַנקער האָט זיי דורכן טאָג פאַרמאַטערט.

אָט אַזוי האָט חיים דער שניידער זיך אויפגעפירט זינט איך האָב געדענקט. מען פלעגט אויך זאָגן, אַז חיים דער

שניידער האַלט אויף ביים לעבן אַ סך מענטשן. ווען ניט ער, ווער ווייס וויפל מענטשן וואָלטן פּריצייטיק אַוועק פון דער וועלט.

ס׳האָט פּאַסירט ביי אונדז אַמאָל אַ פאַל מיט אַ פּעכאָטנעם אָרעמאַן, וועלכער איז געקומען אין שטעטל קלייבן נדבות. אין יענע צייטן זענען געווען פאַרשיידענע אָרעמעלייט. געווען אָרעמעלייט, וואָס פלעגן פאָרן מיט פערד און וואָגן, און אויך פוסגייער, וואָס גייען פון שטעטל צו שטעטל. ווער געדענקט דאָס ניט די זומערדיקע פּריי־טיקס פאַר נאַכט, ווי אין שטעטל פלעגט אָנקומען אַ גאַנ־צער טראַנספּאָרט, פול אָנגעזעצט אין די בוידוואָגנס, אָרע־מעלייט, גאַנצע פאַמיליעס. דער שטויב פלעגט זיך פאַר־שפּרייטן ווי אַ וואָלקן איבערן גאַנצן שטעטל, אַז מען האָט שוין געקענט שפּירן פון ווייטן זייער אָנקומען, און גלייך פלעגן זיי פאָרן אויפן שולהויף, ווו ס׳איז געווען אויך דער הקדש, זייער אכסניה. אַנדערע פלעגן זיך אַריינ־כאַפּן אין באָד, וואָס איז טאַקע געווען דערביי, און דערנאָך גלייך אין שול, זען צו קריגן ווו אָפּצועסן דעם שבת. די אָרעמעלייט וואָס פלעגן אַריינקומען אין דער קאַלטער שול, ווו חיים איז געווען דער גבאי, פלעגט שוין חיים זיי באַזאָרגן, בעטן יעדן בעל בית ער זאָל נעמען אַן אורח אויף שבת. ס׳פלעגט אָפט פּאַסירן אַז חיים אַליין פלעגט נעמען צוויי־דריי, ווען ס׳איז געווען אַ מזל ברכה מיט אורחים.

דער פאַל האָט פּאַסירט מיט אַ פּעכאָטנעם אָרעמאַן. איינער פון חיימ׳ס אַרבעטער האָט געזען ווי אַזאַ אָרעמאַן איז אַריין אין גויאישן וווּרשט־געשעפט און געקויפט וווּרשט. ער איז גלייך געקומען און דערציילט דעם בעל

הבית. חיים דערהערט אַזאַ זאַך: אַ ייד זאָל עסן טריפה־ווורשט, אַזאַ נבלה! ער האָט גלייך אַ זאָג געטאָן: חברה קומט! און אַז דער בעל הבית רופט איז דאָך ניט שייך. מען איז אַלע אַרויס זוכן דעם חברה־מאַן, און מען האָט דעם אורח געכאַפּט, טאַקע מיטן ווורשט אין קעשענע. מען האָט חוקר ודורש געווען, געפרעגט אין געשעפט ווו ער האָט די ווורשט געקויפט, ביז ער האָט זיך מודה געווען. די סיבה פאַר וואָס ער קויפט טריפה איז ווייל ס׳איז ביליקער, איז געווען זיין ענטפער. אַזאַ חוצפה האָט דער תמימותדיקער פאָלקס־מענטש, חיים דער שניידער, ניט געקענט פאַרטראָגן. ער האָט גלייך אויפן אָרט געגעבן זיין פסק־דין — מלקות.

מען האָט דעם בעל־עבירהניק איבערגעוואַלט אַוועקגעפירט אין דער קאַלטער שול טאַקע ווו חיים איז געווען דער גבאי, און אין פאָרהויז אויסגעצויגן אים אויף אַ טיש, און אויפן הוילן במחילת כבודכם אָפּגעציילט ארבעים חסר אחד, כדין. יעדערער פון זיינע חברה אַרבעטער האָט געכאַפּט אַ מצווה, ד.ה. צוגעלייגט אַ האַנט. דער אָרעמאַן איז נאָכן אָפּקומען דעם פסק־דין, צוהאַלטנדיק די תחתונים, אַוועק דורך די פעלדער ווי אַ ווינט, און מער האָט מען דעם אורח ביי אונדז אין שטעטל ניט געזען. צי ער האָט אויפגעהערט עסן טריפה — ווייס איך ניט. אָט אַזאַ מסירת־נפשדיקע עקזעקוציע האָט חיים דער שניידער זיך אונטערגענומען דורכצופירן. מיר דוכט, אַז דער רב פון אונדזער שטעטל וואָלט אַזאַ פסק־דין ניט אַרויסגעגעבן פאַרן עסן טריפה.

אַ מאָל האָט פּאַסירט אַז אַ יונג ווייבל איז גלייך נאָך דער קימפעט קראַנק געוואָרן פון שרעק. איר קראַנקייט

איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי פלעגט ליגן און שרייען, זיך זידלען, אויפגעהערט עסן, מען האָט געזען אַז דאָס ווייבל גייט אויס פון טאָג צו טאָג, און קיין דאָקטער פאַרשטייט ניט איר קראַנקייט. חיים פלעגט אָפט קומען זי מבקר חולה זיין. חיים האָט פּרובירט ביי איר עטלעכע מאָל אויספרעגן וואָס איר איז, ווי זי שפירט זיך, און פון וואָס ס׳איז איר שרעק. פלעגט זי אים אָפּזידלען און טרייבן פון הויז, ביז איין מאָל ווען ס׳איז איר לייכטער געוואָרן, און זי האָט זיך אַביסל באַרויקט, האָט חיים ווייטער אויסגעפרעגט. האָט זי אים דערציילט, אַז איין מאָל אַ שבת צונאַכט, אַרויסגייענדיק פון הויז, האָט זי געזען ווי אַ שוואַרצער הונט גייט אַרויס פון סאַזשלקע (זייער הויז איז געווען ניט ווייט פון אַ סאַזשלקע) און לויפט גלייך צו איר. חיים אויסהערנדיק זי, האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס מוז זיין אַ דיבוק, ווייל באַזוכנדיק אַזויפיל קראַנקע, האָט ער נאָך אַזאַ סאָרט קראַנקייט ניט אָנגעטראָפן. זי ליגט פאַרמאַכט די אויגן און רעדט, זינגט, זידלט זיך, און אָט אַזוי אין לויף פון אַ פּאָר שעה. רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע און הויבט אָן פון דאָס ניי, אַלע דאָקטאָרישע מיטלען האָט מען פרובירט, אָבער קיין פאַרבעסערונג האָט מען נישט געזען.

חיים איז אַוועק צום רב, און דערציילט אים די מעשה. ער האָט געבעטן דעם רב ער זאָל קומען אַרויסטרייבן דעם דיבוק. אַ רחמנות אויף אַ יונג ווייבל, ניט לאַנג נאָך דער קימפעט, אַ צער צו קוקן אויפן ניי געבוירענעם קינד. דאָ שטייען צוויי נפשות אין געפאַר. דער רב האָט צוגעזאָגט צו קומען אין אַ באַשטימטער צייט. חיים איז געקומען צו דער צייט מיטצונעמען דעם רב צו דער קראַנקער. ווי דער רב

איז אַריין אין הויז און צוגעגאַנגען צו דער קראַנקער און אָנגעהויבן ריידן צו איר, זי געפרעגט וואָס זי מאַכט, האָט זי גלייך אָנגעהויבן אים צו טרייבן פון הויז און זיך זידלען: „אַרויס, ווער האָט אייך געבעטן קומען דאָ?" דער רב האָט שוין אָנגעהויבן שטרענגער, גערעדט צום בעל־דבר אַליין: „איך בין אויף דיר גוזר בגזירת הרב, פאַרלאָז די פרוי, און פאַרמוטשע ניט אַ מוטער פון אַן אָקאָרשט געבוירן קינד. ווען ניט, וועל איך דיר מחרים זיין." דאָס ווייבל האָט אָנגעהויבן ענטפערן דעם רב: „ווער זייט איר דאָס, וואָס איר זאָגט מיר וואָס צו טאָן? ווייסט איר, אַז אייערע טעג זענען געציילטע, איר וועט דאָס יאָר שטאַרבן, אַרויס! און דו חיימ׳קע שניידערוק, פּיאַניצע..." און אים אויסגערעכנט אַלע זיינע חטאים — „דו האָסט עס געבראַכט דעם רב! נאָר צו דיר האָב איך גאָרניט, ווייל דו קומסט מיך אָפּט מבקר חולה זיין".

ס׳האָט טאַקע פּאַסירט, אַז דער רב איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן (געווען אַפילו אַן עלטערער מענטש) און דאָס ווייבל אויך.

אָט ווי איר זעט איז חיים דער שניידער, אַ פּשוטער פּאָלקסמענטש, געשטאַנען אויף אַזאַ הויכער מדרגה אין מעשים טובים, אַז דער דיבוק (שטן) אַליין האָט צו אים ניט געהאַט קיין שליטה.

נישטאָ מער שוין אָט די תמימותדיקע היימישע יידן. חרוב זענען געוואָרן די שטעטלעך, צעשטערט זענען געוואָרן די יידישע היימען, אכזריותדיק זענען אומגעקומען די יידישע גוטהאַרציקע בעלי־מלאכות, אָט די פּשוטע שוסטערס, שניידערס, שמידן, וואָס האָבן אַזוי צניעותדיק אָפּגעהיט

אַלע יידישע טראַדיציעס און גוטע מידות, מען האָט זיך
פשוט מוסר נפש געווען אָפּצוהיטן יידישקייט.

זייער אָנדענק זאָל זיין הייליק און טייער ביי אונדז!

# אַלטערקע

אַלטערקע איז געווען זיין נאָמען, נאָר גערופן האָט מען אים אַלטערקע שטינקעס. ווילט איר וויסן פאַר וואָס טאַקע מיט אַזאַ נאָמען? ווייל ביי אונדז אין שטעטל זענען געווען אַ סך אַלטערקעס. ס׳איז געווען אַלטערקע הירש דעם שניידערס, אַלטערקע דער פאַרלייער, אַלטערקע דעם באָ־ברישקערס, (נעמען פון דערפער פון וואַנען זיי קומען), און נאָך אַנדערע.

אַלטערקע שטינקעס האָט מען גערופן דערפאַר, ווייל זיין ווייב האָט מען גערופן ראָכקע שטינקעס, — ראָכקעס מוטער איז געווען אַ קליינינקע ווי אַ שטינקעלע (אַזאַ סאָרט פישעלע) — האָט אַלטערקע גערשנט זיין ווייבס צונאָמען, כדי מען זאָל אים ניט פאַרבייטן אויף אַנדערע אַלטערקעס. און איר דאַרפט וויסן, אַז ביי אונדז אין שטעטל איז ניט געווען קיין מאָדע צו רופן מיטן פאַמיליע־נאָמען, נאָר יעדער האָט געהאַט זיין צונאָמען— לויט זיין פראָפעסיע, נאָך זיין שטעטל, אָדער דאָרף פון וואַנען ער קומט, נאָך זיין ווייב, אָדער סתם אַ צונאָמען, ווי יאַנקל דער שוסטער, חיים דער קצב, אַבע דער מאָלער, מאיר דער בלעכער, משה ציפעס, זלמן יאָכעס, יאָסל קונעס, משה דער איישיסקער, מיכאל

שקלאָווער, דער וואַרשעווער און אַזוי ווייטער. אָדער נעמט אַזעלכע נעמען ווי „משה דער קיסר", פאַרשטייט זיך אַז דאָס ווייב איז די קיסרינע און דער זון דער נאַסלעדניק. אַז מען פלעגט אַמאָל פרעגן ביי זייערס אַ מיידעלע, וועמענס ביסטו? פלעגט זי ענטפערן: דער קיסרינעס. ביי אונדז אין שטעטל האָט איר געקענט אויפשטעלן אַ גאַנץ קעניגרייך. מיר האָבן געהאַט צונעמען — „דער קיסר", „דער מיניס־טער", „די גענעראַלשע", „פּאָלקאָווניק", שמואל „דער סאָלדאַט", און חנה „קאָזאַק". יעדער צונאָמען האָט גע־האַט זיין פאַר וואָס, ס׳איז ניט געווען סתם אַזוי. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען פאַר דורות, און מען האָט קיין מאָל ניט פאַרביטן קיינעם, קיין מאָל קיין טעות געמאַכט. אַז מען האָט געזאָגט אַלטערקע שטינקעס האָט מען שוין געוווסט וועמען מען מיינט.

פון וואַנען אַלטערקע שטינקעס איז געקומען ווייס איך ניט, נאָר זינט איך האָב געדענקט איז ער געווען ביי אונדז אין שטעטל און געלעבט אין זיין קליינער הייזקע אויפן וועג צו דער שול. זיין פּראָפעסיע איז געווען, אָדער בעסער גע־זאָגט, ער האָט ניט געהאַט קיין פּראָפעסיע, נאָר זיך פאַר־נומען מיט אַ סך מלאכות. געווען אַ טרעגער, אַ קברן, אַ שינדער פון נבלות, און אַמאָל גלאַט אַזוי אַ לייכט שטיקל נאַכטאַרבעט... דאָך איז די הויפּט־פּראָפעסיע זיינע געווען זיין אַ טרעגער. ווען עמעצער פון די אָגולניקעס האָט גע־דאַרפט אָפּשיקן צו אַ קרעמער אַ זעקל זאַלץ, צוקער, מעל, אָדער אַ טון הערינג, פלעגט מען זיך שוין ווענדן צו אַל־טערקען. אַלטערקען פלעגט מען שוין טרעפן גלייך אין דער פרי אין גאַס, שטענדיק געווען ווייס פון מעל, ווי אָפּ־געפּאַרבן, מיט אַ גראָבער שטריק אַרומגעגאַרטלט, ווי רייפן

אַרום אַ פּאַס. די שטריק איז געווען זיין געצייג. ער פלעגט זיך אַרומבינדן מיטן זעקל מעל אָדער צוקער און זיך איינבויגן, און אַזוי עס אַריבערגעטראָגן פון איין ברעג שטעטל ביזן צווייטן, און זיך אַפילו ניט אָפּרוען.

אינטערעסאַנט איז געווען צו קוקן פון ווייטן ווי ער טראָגט דאָס זעקל מעל אָדער צוקער. ער פלעגט זיך איינ־בויגן און דער זאַק פלעגט פאַרשטעלן זיין קאָפּ, פלעגט עס אויסזען אַז ס׳גייט אַ זאַק צוקער אָדער אַ טון הערינג, מער ווי פיס פלעגן זיך ניט זען.

פאַרשטייט זיך, האָבנדיק אַזעלכע פּראָפעסיעס און שווערע אַרבעט פלעגט אַלטערקע מאַכן אַ גוטן לחיים, און אַזוי האָט מען אים אַלע מאָל געזען שיכור. גלייך אין דער פרי, אָנשטאָט גיין אין דער שול דאַווענען, פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין שענק נאָך אַ פלעשל בראָנפן און גראָד מיטן רויטן צעטל. פון דאַוונען האָט ער ניט געהאַלטן, פשוט ניט געקענט.

קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. ס׳פלעגט אַמאָל פאָרגעקומען ביי אים מיט ראָכקען אַ געשלעג, נאָר זי איז געווען אַ קאָזאַצקע יידענע, פלעגט זי ניט בלייבן שולדיק און געבן צוריק. ביז איין מאָל, דאָס איז געווען ערב הושענא רבה, מיר הערן אַ געשריי, אַ טומל, ראָכקע שרייט. נו, מסתמא, ראָכקע שלאָגט זיך מיט אַלטערקען, ס׳איז דאָך הושענא רבה, יידן וועלן זיך דאָך ניט שלאָגן. מיר גייען צו צו זייער הייזקע, אַלטערקע ליגט אין פאָרהויז אויסגעצויגן, פון מויל לויפט סלינע און ראָכקע שרייט: „מיין אַלטערל איז מיר איינגעפאַלן!". איך בין אַריין אין פאָרהויז און רייס אים און וועק אים, און ער רירט זיך ניט פון אָרט. מען האָט גלייך געבראַכט אַ דאָקטער, און דער

דאָקטער האָט באַשטימט, אַז ער איז טויט. די סיבה? פון צו פיל טרינקען, פשוט פאַרברענט געוואָרן פון צו פיל בראָנ־פן. וואָס איז געשען? ס׳איז געווען אַ שמחת בית השואבה, האָט מען געגעבן בראָנפן בחינם. אַחוץ וואָס ער האָט גע־טרונקען אין גאַס, אין שטוב, האָט ער אויך געטרונקען אויפן סיום אָן אַ מאָס. ער האָט אַפילו געקענט מאַכן אַ גוטן שנאַפּס, נאָר דאָס מאָל האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און געפאַלן טויט.

מען האָט גלייך געלאָזט וויסן חברה קדישא, ס׳איז דאָך מאָרגן הושענא־רבה, און נאָך דעם צוויי טאָג יום טוב, מען קען דאָך ניט האַלטן איבער יום טוב אַ מת. די חברה קדישא האָבן געלאָזט וויסן, אַז מאָרגן נאָכן דאַווענען וועלן זיי קומען אים אָפּטאָן זיין רעכט.

הושענא רבה אין דער פרי. יעדער וואָס גייט אין שול מוז פאַרבייגיין אַלטערקעס הייזקע. אַלע ווייסן אַז אַלטערקע איז געשטאָרבן, און פיל האָבן זיך אָפּגעשטעלט צו הערן די סיבה פון זיין טויט. דערוויסנדיק זיך די סיבה, האָט מען אָנגעהויבן זיך וויצלען אויפן חשבון פון נפטר. איינער זאָגט אַז אַלטערקע גייט גלייך אַריין אין גן עדן. פאַר וואָס? פרעגט אַן אַנדערער, ווייל ס׳איז פאַראַן אַ בפירושע „גמרא" פּיאַנעגאָ ניע סאָנדזאָן, נו, אַז ער האָט קיין משפט, איז ער דאָך ריין פון זינד. איך כאַפּ אונטער נאָך אַ געשפרעך ווי איינער פרעגט: „ווי מיינט איר, זיין טויט איז פון פאַראַ־יאָריקן צעטל, אָדער שוין פון דעם יאָר? ווייל ער איז גע־שטאָרבן צען אַ זייגער אין אָוונט, און די „חתימה" ווערט אַרויסגעגעבן צוועלף ביינאַכט — לחים או למות — קומט אויס נאָך מיין מיינונג, אַז די חתימה איז נאָך אַ פאַראַיאָ־ריקע, נאָר אָנגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג". אַנדערע

האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז שוין פון דעם יאָר, נאָר די פּאָוויעס־טקע איז אָנגעקומען גיך. ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער ויכוח פון ביידע צדדים. די אַרגומענטן זענען געווען שטאַרקע, און מען האָט ניט געקענט קומען צו קיין אויסגלייך. פּלוצלונג שרייט אויס אברהם שלמה „דער פילאָזאָף”, אַ ייד אַ לץ און אַ ביסל אַן אַפּיקורס און זאָגט: „רבותי, וואָס דאַרפט איר זיך אַרומקריגן און אַרגומענטירן מיט אייערע פאַלשע מיינונגען און באַווייזן, אַז ס׳איז מן שמים, ס׳איז דאָך אַזאַ טויט ניטאָ אין „ונתנה תוקף”, הייסט עס אַז ער איז פּשוט געשטאָרבן נאַטירלעך ניט לויט אַן אָנווייזונג פון הימל”. דאָס וואָס אברהם שלמה האָט אָנגעוויזן האָט צעקלאַפּט אַלעמענס באַווייזן, נאָר ניט וועלנדיק זיך אונטערוואַרפן אברהם שלמה׳ס אויפקלער, האָט דער עולם אָנגעהויבן מערער צו טומלען, און אַלע האָבן געזאָגט אַז דאָס איז אַפּיקורסות, און מען טאָר גאָרניט זיך צוהערן וואָס דער אַפּיקורס זאָגט. „אַנו! — שרייט אברהם שלמה, — אדרבא! ווייזט מיר ווו שטייט אין „ונתנה תוקף” מי ביִיש”.

אין מיטן טומל קומט אָן אברהמ׳קע קאָרפּלס, אויך אַ בחור אַ לץ און הערט זיך צו צו דער ווערטערשלאַכט, און פּלוצלונג גיט ער אַ געשריי: „יידן, קריגט זיך ניט אום הושענא רבה, איך וועל אייך באַווייזן אַז ס׳איז געווען דעם יאָר אין „ונתנה תוקף” אַזאַ טויט אויסגערעכנט, און נאָר דעם יאָר, הייסט עס, אַז דער גזר, די חתימה, איז היי־יאָריק, נאָר ס׳איז אָנגעקומען מיט שנעלפּאָסט”. „סטייטש!” — שרייט אברהם שלמה — „דו ביסט אויך אַ שיכור” און שטופּט אים דעם מחזור אין פּנים אַריין, און זאָגט — „נאַ, געפין מיר די ביִיש”. „שא — זאָגט אברהמקע

— קאָכט זיך ניט, באַרויקט זיך און הערט מיך אויס: יאַשע דער מלאך, אונדזער היי־יאָריקער בעל מוסף, האָט אַרויס־גענומען די פאָדערשטע ציינער, רעדט ער נישט גוט אַרויס קיין רייש, און אָנשטאָט מי ברעש, האָט ער געזאָגט מי בייש. זעט איר שוין, אַז אַזאַ טויט איז יאָ געווען דערמאָנט דאָס יאָר אין „ונתנה תוקף". אויסהערנדיק אברהמקע קאַרפלס דערקלערונג, האָבן אַלע איינגעשטימט, אַז די חתימה איז פון דעם יאָר, און שולדיק אין דעם איז דער בעל תפילה. האָט מען גלייך אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אַז מען זאָל פאַרשרייבן די פונקטן אין שטעטלשן פנקס, אַז ווען מען נעמט אַ חזן אָדער אַ בעל תפילה, זאָל ער קענען זאָגן עברי, און מוז האָבן אַלע ציינער, ער זאָל חלילה ניט אומברענגען קיין אומשולדיקע מענטשן פאַר דער צייט מיט זיין ניט אַרויסריידן שאַרף די תפילות.

די קריגעריי און די דיסקוסיעס מיט די רעזאָלו־ציעס האָבן זיך פאַרצויגן אַזוי לאַנג ביז די חברה קדישא איז געקומען און אָפּגעטאָן אַלטערקען זיין רעכט און דער עולם איז שוין געגאַנגען פון שול. דערווייל האָבן אַלע גייענדיקע פון שול מיט די אָפּגעשלאָגענע הושענות און אתרוגים, מיט די אָפּגעביסענע פיטומס באַגלייט אַלטערקען אויפן עולם האמת.

ס׳האָבן זיך געפונען אַנדערע, וואָס האָבן אַלטערקען גאָרניט פאַרגונען, און האָבן געזאָגט, אַז אין זיין לעבן, וואָלט אַלטערקע אַזאַ גרויסע לויה ניט געהאַט, ווען ניט דער צופאַל.

## פליט אַ פויגל איבער וועלדער

פליט אַ פויגל איבער פעלדער.
קוקט אַראָפּ מיט שאַרפן אויג...
זעט אַלצדינג וואָס אויף די פעלדער,
זעט דעם קלענסטן ריר און בויג.
פויגל, פויגל, פרייהייט־סימבאָל!
פרייער מענטשלעכער געדאַנק!
ס׳איז ניטאָ קיין צוים, קיין גרענעץ,
פאַר דיין פרייען בליק און קלאַנג...

פויגל פרייער! אונדזער עדות
און שליח זאָלסטו זיין!
האָסט געזען ווי טיף און ברייט איז
אונדזער עלנט, אונדזער פיין,
זאָלסטו פליען איבער לענדער,
איבער גאָר דער ברייטער וועלט
און דערציילן פריי און אָפן —
וואָס דו האָסט געזען, געהערט...

די דערצייל ווי טיף דערנידערט,
נידעריקער פון חיה־שטאַנד,
אין דעם מענטשנס גוף, נשמה,
ווי אַ שקלאַף, איז איינגעשפּאַנט!
ווי די מענטשן, עלנטע שקלאַפן,
אין די וועלדער ווייט פאַרשלעפּט,
גייען אויס פון פּיין פון הונגער —
מער געשטאָרבן ווי געלעבט...

די דערצייל ווי חיה־מענטשן,
ראַפינירט אין מערדעריי,
קליגן זיך אין שאַפן ליידן,
אין אכזריות־קוועלעריי...
האָבן זיי פאַר אונדז געשאַפן
אַ גיהנום הפקר־וועלט:
יידן שיסט מען, ברענט מען, הענגט מען,
יעדער טוט, וואָס אים געפעלט...

זאָלסט אויף גאָר דער וועלט דערציילן,
וועגן שווידערהאַפטע זינד,
ווי מען האָט אַ פאָלק געשאָכטן:
מענער, פרויען, מוטער, קינד!
שחיטות, מיתות, מאַסן־שחיטות,
שטעט, שטעטלעך ליגן טויט,
מאַסן־קברים, שטומע עדות,
פול מיט מענטשן־לייב פאַרזייט...

ווי מיר זענען די קרבנות
פון אַ בייזער העצע־שפּיל,
ווי מען האָט אַ פאָלק פאַרוואַנדלט
אין אַ רויב און רשעות-ציל...
פלי זשע, פויגל, איבער לענדער,
איבער גאָר דער ברייטער וועלט,
און דערציייל דעם הוילן אמת,
וואָס דו האָסט געזען, געהערט...

וועק דאָס מענטשלעכע געוויסן!
שריי און רוף און אַלץ דערמאָן.
זאָל די מענטשהייט וויסן
וואָס מיט רוצחים־פאָלק צו טאָן,
מיט דעם פאָלק, וואָס האָט צעטראָטן
מענטשנס ווערט, זיין גייסט, קולטור
און צערייצט אין מענטשן גייסטער
פון בייז חיהשער נאַטור...

בייזע גייסטער, האַס און בלוטדורשט
רייסן זיך פון מערדערלאַנד,
דראָען מענטשן צו באַהערשן
און פאַרגיפטן זיין פאַרשטאַנד,
מענטשנס לעבן, פרייהייט, צוקונפט,
זיין נשמה, יושר, גאָט;
אַלץ דאָס שענסטע און דאָס בעסטע
איז פון מערדער־פאָלק באַדראָט...

מענטש, זאָלסט אויפגעציטערט ווערן,
פאַר בזיון, גרויל און שרעק!
מענטש, די מוזט מיט בלוט און פייער
אָפּווישן דעם קין־פלעק.
וואָרצל־טיף מוזסטו אויסברענען
דעם פאַרברעכערישן נעסט,
ניט דערלאָזן זיך פאַרשפּרייטן
די מגפה — נאַצי־פּעסט...

פלי זשע, פויגל, איבער לענדער
איבער גאָר דער ברייטער וועלט
און דערצייל אַלץ פריי און אָפן —
וואָס דו האָסט געזען, געהערט...

קייפּטאָן, 1944

# פון יאַריד

גייט אַ ייד פון יאַריד
פאַרמאַטערט און מיד,
און זינגט זיך טרויעריק אַ ליד:

איך האָב געהאַנדלט, געוואַנדלט,
אויף פיל יאַרידן פאַרבראַכט
פאַרטומלט, פאַררעשט,
פול מיט קוראַזש,
מיט גלוסטן פאַרלאָדן
אַ גאַנצן באַגאַזש...
קיין מאָל קיין צייט
צו געבן אַ טראַכט —
ווי ווייט
מען איז אַוועק
פון די יונגע יאָרן און טעג...

אוי! ווי גיך ס׳זענען אַוועק,
יענע יאָרן, יענע טעג,
גאָר ניט לאַנג אַליין
אויפן מאַרק געווען,

און איצט שוין אָן סחורה...
ווילסט יאָ, צי ניט
האָסט קיין אַנדער ברירה,
ווי גיין צוריק פונעם יאַריד...

אוי ווי ס׳בענקט זיך
נאָך יענע צייטן,
נאָך יענע יאָרן,
כאָטש קיין מאָל ניט געווען קיין גליק
דאָך וואָלט זיך וועלן פאַרבייטן
צוריק אויף יענע צייטן...
נאָר וואָס געווען איז געווען
מ׳קען ניט כאַפּן אויף צוריק...

אָט אַזוי האָב איך קיין אַנדער ברירה,
צי איך וויל יאָ, צי ניט.
ווייל איך האָב שוין מער קיין סחורה...
מוז איך גיין אויף צוריק
שוין פאַרמאַטערט און מיד
פונעם לעבנסיאַריד...

# אינהאַלט


וועגן ישראל קורגאַן — מ. מ. . . . . . 7

אונדזער מאַמע . . . . . . . 9

דער „נס חנוכה“ . . . . . . . 17

די מומע זעלדע . . . . . . . 27

לא תגנוב . . . . . . . . 43

חיים דער שניידער . . . . . . 55

אַלטערקע . . . . . . . . . 63

פליט אַ פויגל איבער וועלדער . . . 69

פון יאַריד . . . . . . . . 73